ארנאלד ראללער.

# די דירעקטע אקציאן.

איבערזעצט פֿון ר. ראָקער.

לאנדאן, 1907.

„די בעפֿרייאונג פֿון דער אַרבייטער קלאַסע
מוז זיין דאָס ווערק פֿון די אַרבייטער אַליין!“
(פּאַסוואָרט פֿון דער אינטערנ. אַרב. אַססאָסיאַציאָן.)

I.

# די אינדירעקטע אקציאָן און די לעגאלע געווערקשאפטס-טאקטיק.

---

## די רעזולטאַטען פֿון דער אַלטער געווערקשאַפֿטס-טאַקטיק.

אַזוי ווי נאָך אַ לאַנגען שלאָף הויבען די אַרבייטער אין די פֿערשידענע לענדער — איבערהויפּט אין די ראָמאַנישע — ענדליך אָן צו בעגרייפֿען, אַז זייער אַלטע טאַקטיק פֿאַר די פֿערווירקליכונג פֿון אַ גליקליכער צוקונפֿט און פֿאַר בעסערע לעבענס-בעדינגונגען אין דער געגענוואַרט, דאַרף ווערען איבערגעביטען אויף נייערע און ערפֿאָלגרייכערע קאַמף-מיטלען.

ביז אַהער האָבען די אַרבייטער געהאַט צוויי אָרגאַניזאַציאָנען, אין וועלכע זיי האָבען געקעמפֿט פֿאַר מאָמענטאַנע פֿערבעסערונגען פֿון זייער לאַגע און פֿאַר זייער אַלגעמיינע בעפֿרייאונג — די פּאָליטישע און די געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן. די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע די מייסטע אַרבייטער האַלטען זאָגאַר היינט נאָך פֿאַר די וויכטיגסטע, בעטראַכטעט פֿאַר איהר הויפּט ציעל דעם קאַמף פֿאַר אַ בעסערע צוקונפֿט, פֿאַר די פֿערווירקליכונג פֿון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט; אין דערזעלבער צייט זוכט זי צו פֿערבעסערן די געגענווערטיגע לאַגע פֿון דער אַרבייטער-קלאַסע דורך די פּאָליטיש-

פּאַרלאַמענטאַרישע טהעטיגקייט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, אָדער בעסער געזאָגט, דורך די טהעטיגקייט פֿון די אַרבייטער-פֿערטרעטער אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפֿטען. אַזוי בעהויפּטען אַם וויניגסטענס איהרע פֿערטהיידיגער.

די געווערקשאַפֿטען, איבערהויפּט אין מיטעל-אייראָפּאַ און ענגלאַנד, האָבען ביז יעצט געהאַט אַ פֿיעל קלענערען פֿעלד פֿאַר זייער טהעטיגקייט. זייער אויפֿגאַבע האָט זיך מייסטענטהיילס בעשריינקט אויף די געגענזייטיגע אינטערשטיצונג פֿון זייערע מיטגליעדער און אויף דעם אָנפֿיהרען פֿון פֿרידליכע לוין-קעמפּפֿע, נאָר אַ וויטערען אידעאַל פֿאַר דער צוקונפֿט האָבען זיי ניט געהאַט. אַלע טיעפֿערע און פּרינציפּיעלע פֿראַגען האָט מען איבערגעלאָזט צו דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט געהאַט די אויפֿגאַבע, פֿערשטעהט זיך, מיט דער הילפֿע פֿון די פּראָלעטאַרישע פֿערטרעטער אין פּאַרלאַמענט, צו מאַכען געזעצע צו גונסטען דער אַרבייטער-קלאַסע. אָט פֿון דיזער אונדירעקטער אַקציאָן — און דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס, ד. ה. די טהעטיגקייט דורך פֿערמיטלער, איז נאָך היינט דער דייטליכסטער אויסדרוק פֿון דער אינדירעקטער אַקציאָן — האָט דאָס פּראָלעטאַריאַט, פֿאַר די לעצטע צוואַנציג ביז דרייסיג יאָהר צייט, ערוואַרטעט זיין איינציגע הילפֿע פֿאַר דער געגענוואַרט און צוקונפֿט. אפֿילו ביי לוין-שטרייטיגקייטען האָבען די אַרבייטער ליידער צו אָפֿט געלייגט זייער שיקזאַל אין די הענד פֿון זייערע פֿערטרעטער און פֿערמיטלער, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט אָנצוגעטרויען זייערע אייגענע אַנגעלעגענהייטען צו אַנדערע און האָבען ניט געזעהן קיין מעגליכקייט ווי אַזוי די מאַסען זאָלען קענען דירעקט אַרויסרייסען געוויסע פֿאָדערונגען פֿון דעם שטאַאַט און די קאַפּיטאַליסטען.

אָבער די עראייגניסע פֿון די לעצטע יאָהרען האָבען איבעראַל אויפֿגעעפֿענט די אַרבייטער די אויגען.

אין אָנפֿאַנג האָט די אַרבייטער-בעוועגונג געהאַט אַ

שטורעמדיגען און דראָהענדען כאַראַקטער, אָבער דורך די פּאָליטיש־פּאַרלאַמענטאַרישע טהעטיגקייט האָט מען איהר באַלד אַראָבגעפֿיהרט אויף אַ פֿריעדליכען און לענגאַלען וועג, אויף וועלכען זי איז רוהיג ווייטער געגאַנגען זייט די לעצטע 30 ביז 40 יאָהר. דער רעזולטאַט דערפֿון איז אַ פֿאָלשטענדיגע ענטמוטהיגונג פֿון גרויסע מאַסען אַרבייטער, וועלכע האָבען געדולדיג געגלויבט און געהאָפֿט, און די פֿאָלקאָמענע בעשמעטיגונג פֿון אַלעם דעם, וואָס די גענער פֿון דיזער פֿרידליכער טאַקטיק האָבען אָנגעזאָגט אין פֿאָראויס.

טראָץ דעם וואָס די צאָהל פֿון די פּאָליטישע פֿערטרעטער, פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטען האַלט אין איין וואַקסען, איז די פּאָליטישע רעאַקציאָן וועהרענד די לעצטע יאָהרען געוואָרען אַלס שטאַרקער. די אָפֿענע און די בעהאַלטענע רעאַקציאָן ווערט אימער מעכטיגער אין די קאָנסטיטוציאָנעלע שטאַאַטען, טראָץ דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט, און אָבוואָהל די צאָהל פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שטימען צעהלט שוין יעצט פֿיעלע מיליאָנען, האָט די אַרבייטער־קלאַסע אָבער ניט דעם קלענסטען פּאָליטישען איינפֿלוס, דערפֿאַר וואָס זי האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו איהרע פֿערטרעטער, וועלכע האָבען סיסטעמאַטיש ענטוויקעלט אין די מאַסען דעם גייסט פֿון געזעצליכקייט און פֿרידליכקייט און דערשטיקט אין זיי יעדע רעוואָלוציאָנערע איניציאַטיווע.

יעדער טאָג בריינגט אונז נייע מאַסרעגלען פֿון דער פּאָליטישער רעאַקציאָן אין אַלע לענדער. אין ענגלאַנד האָבען מיר דאָס געזעץ געגען די עמיגראַנטען; אין דייטשלאַנד זעהען מיר דעם אונבעשרייגקטען אויטאָקראַטישען אַבסאָלוטיזם פֿון דער מאָנאַרכיע, די שרעקליך הויכע אָבגאַבען פֿאַר די וויכטיגסטע לעבענס־מיטעל, דעם שווידערליכען מיליטאַריזם, די ברוטאַלע קלאַסען־יוסטיץ און די שטענדיגע סטראַשונקעס מיט נייע אויסנאַהמע־געזעצע גע־

גען די אַרבייטער; אין דער שווייץ גיט מען איבער פּאָלי־טישע פערברעכער צו דער עסטרייכישער און איטאַליענישער רעגירונג, מיט איין וואָרט, איבעראַל האָט זיך די פּאָליטישע רעאַקציאָן גענומען צו דער אַרבייט, דערפאַר וואָס זי האָט גיט וואָס מורא צו האָבען פאַר די פּראָלעטאַריער.

און גראַדע אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד, וואו די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבייטער האָבען די מייסטע מיטגלידער און די רייכסטע קאַסען, זיינען כמעט אַלע גרעסערע סטרייקס, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען וועהרענד די לעצטע צעהן ביז פופצעהן יאָהר, פערלאָרען געגאַנגען. מען דערצעהלט אונז ביי יעדער געלעגענהייט פון דער מעכטיגער און שטאַרק אָרגאַניזירטער אַרבייטער־קלאַסע אין יענע לענדער. אָבער קוים וואָס די אַרבייטער פערזוכען צו מעסטען זייערע קרעפטע מיט די קאַפּיטאַ־ליסטען, ווערען זיי בעזיעגט.

די פּאַסירונגען פון די לעצטע יאָהרען צייגען אונז קלאָהר און דייטליך, אַז טראָץ די מאַסען־אָרגאַניזאַציאָנען פון די אַרבייטער, איז דער קאַפּיטאַליזמוס געוואָרען אַלס מעהר אויטאָקראַטיש, אַלס דעספּאָטישער אין זיינע מיטלען. דאָס בעווייזט, אַז די גרויסקייט פון דער אָרגאַניזאַציאָן און די פולע קאַסען זיינען נאָך ניט אַלעס אין דעם קאַמפּף געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס, זאָנדערן דער גייסט פון די אַרבייטער, זייער פּערזענליכער מוטה, זייער טאַקטיק און די קוואַליטעט פון זייערע מיטגלידער שפּיעלען די וויכטיג־סטע ראָלע.

* * *

מיר דאַרפען זיך בלויז דערמאָהנען אָן דעם גענעראַל סטרייק פון די ענגלישע אינדושעניערען אין 1898. דער סטרייק איז אָנגעגאַנגען גאַנצע זיבען מאָנאַט צייט, אַלע אָרגאַניזאַציאָנען, דאָס גאַנצע פּראָלעטאַריאַט האָט די סטריי־קערס פינאַנציעל געשטיצט, און זיי אַליין האָבען געהאַט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן און אויסגעגעבען העכער איין

מיליאָן פונט פאַר דעם סטרייק; נאָר אָבוואָהל די פּאָליציי האָט זיך זאָגאָר ניט אַריינגעמישט אין דעם קאַמפּף, איז דער סטרייק פאָלשטענדיג פערלאָרען געגאַנגען.

די ענגלישע קאַפּיטאַליסטען, בעקומענדיג קוראַזש דורך די פרידליכע האַלטונג פון די טרייד־יוניאָנס, טראָץ זייערע צאָהלרייכע מיטגלידער, האָבען זיך צולעצט זאָגאַר גענומען צו דער אַרבייט צו עקספּראָפּריאירען אויף אַ געזעצליכען אופן די פולע קאַסען פון די געווערקשאַפטען; דאָס אַלעס איז „געזעצליך", וואָס עס איז ניצליך פאַר די הערשענדע קלאַסען, און אַלצדינג איז „אונגעזעצליך", וואָס עס ברייננט זיי שאָדען.

אַזוי האָט עס געטראָפען, דאָס נאָך אַ פערלאָרענעם סטרייק פון די אייזענבאַהן אַרביימער, וועלכע זיינען בע־שעפטיגט געוועזען ביי דער „טאַף וועאיל קאָמפּאַניע". אין ענגלאַנד, האָבען די קאַפּיטאַליסטען אָנגעקלאָגט די גע־ווערקשאַפט פון די אייזענבאַהנער און געפאָדערט פון איהר אַן ענטשעדיגונג פאַר דעם שאָדען, וועלכען דער סטרייק האָט זיי אָנגעמאַכט; און דאָס געריכט האָט אויך ווירקליך פערורטהיילט די יוניאָן צו בעצאָהלען די געוואַלטיגע סומע פון 28.000 פונט צו די קאַפּיטאַליסטען. די יוניאָן איז דאַן געוועזען אַזוי דורכגעדרונגען פון דעם געזעצליכען גייסט, אַז זי האָט אַנערקענט דעם אורטהייל און געבעטען פאַר אַ קלענערע בעשטראָפונג. די פאָלגע איז געוועזען, אַז מען האָט איהר פערורטהיילט צו בעצאָהלען די קאַפּיטאַליסטען 23.000 פונט, וואָס זי האָט אויך געטהאָן.

נאָך אַ צווייטען מאָל האָבען די ענגלישע קאַפּיטאַ־ליסטען עקספּראָפּריאירט די קאַסען פון די טרייד יוניאָנס מיט דער הילפע פון דער געזעצליכער מאַכט: די פעדע־ראַציע פון די מיינערס אין וויילס איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פון די קוילען־באַראָנען צוליב אַן „אונגעזעצליכען" סטרייק, און די יוניאָן איז פערורטהיילט געוואָרען צו בעצאָהלען

100.000 פֿונט אום צו דעקען דעם שאָדען פֿון די קאַפּי־
טאַליסטען.

דאָס זיינען בלויז געווען איניגע גרעסערע ביישפּיעלע,
אָבער זיי בעווייזען אונז קלאָהר און דייטליך אַז די פּאָזי־
טיווע מאַכט פֿון די ענגלישע טרייד־יוניאָנס איז זעהר אַ
קליינע, טראָץ איהרע צוויי מיליאָן מיטגלידער.

* * *

אין די פֿעראייניגטע שטאַאטען פֿון נאָרד־אַמעריקאַ,
וואו דער קאַפּיטאַליסטישער דעספּאָטיזמוס און די טראָ־
סטאָקראַטיע מאַניפֿעסטירען זיך אַם ברוטאַלסטען, גיט עס
כמעט צוויי מיליאָן טרייד־יוניאָניסטען. אָבער די טרייד־
יוניאָנס אַנערקענען אַלגעמיין דעם פּרינציפּ פֿון „האַרמאָניע
צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט", טראָץ דעם וואָס מיר זע־
העז יעדען טאָג, אַז די אַמעריקאַנער מיליאַרדערע און
טראָסט־מענער זיינען די ברוטאַלסטע אויסבייטער, וועלבע
מען קען נאָר געפֿינען אויף דער וועלט. סעמיועל גאָמפּערס,
דער אויטאָקראַטישער פּרעזידענט פֿון דער „אַמעריאַן פֿע־
דערייישען אָף לייבור", איז אין דערזעלבער צייט וויצע־
פּרעזידענט פֿון דער „סיוויק פֿעדערייישען", אַ קלאַסענבע־
וואוסטע אָרגאַניזאַציאָן פֿון גרויס־קאַפּיטאַליסטען און מילי־
אָנערען, וועלבע ערקלעהרען אָפֿען, אַז זייער ציעל איז די
פֿערשפּרייטונג פֿון דעם אימפּעריאַליזמוס אין אַמעריקאַ און
די אַבסאָלוטע אונטערוואַרפֿונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט
אונטער דאָס יאָך פֿון דעם קאַפּיטאַל. עס איז אַלזאָ גאָר
קיין וואונדער ניט, וואָס די אַמעריקאַנער געווערקשאַפֿטען
לאָזען זיך רוהיג געפֿאַלען, אַז מען נעהמט זיי אַרונטער
פֿון די ווידזשעס, אין דערזעלבער צייט, ווען די קאַפּיטאַ־
ליסטישע קאָמפּאַניעס צאָהלען אויס זייערע מיטגלידער
75 און 80 פּראָצענט דיווידענדען. מיט אַזעלבע פֿיהרער
אָן דער שפּיצע קען מען קיין בעסערעס ניט ערוואַרטען.
כמעט אַלע גרעסערע סטרייקס, וועלבע די אַמעריקאַנער
אַרבייטער האָבען אָנגעפֿיהרט זייט די לעצטע עטליכע

יאָהר, זיינען פֿערלאָרען געגאַנגען; און עס האָט אָפֿטמאָל געטראָפֿען, ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ מיינערסטרייק, וועלכער האָט אָנגענומען אַ געפֿעהרליכען כאַראַקטער פֿאַר די קאַפּיטאַליסטען, אַז די הערען מיטשעלן און גאָמפּערס האָבען איינפֿאַך געהייסען זייערע גוט דיסציפּלינירטע טרייד־יוניאָניסטען, זיי זאָלען ווידער געהען אַרבייטען, ווייל עס איז דאָ אַ שטאַרקער מאַנגעל אין קוילען, און מען דאַרף דעם סטרייק ניט אַזוי ווייט זיך לאָזען פֿערשפּרייטען, אַז דורך דעם זאָל געשעדיגט ווערען די נאַציאָנאַלע אינדוסטריע און האַנדעל.

אין אייראָפּאַ האָט מען מאַנכעסמאָל ערקלערט, אַז די סאָלדאַטען, וועלכע מען שיקט אין דער צייט פֿון אַ סטרייק געגען די אַרבייטער, זיינען ניט אַנדערש ווי די וואַכזאַמע הינט פֿון דעם קאַפּיטאַל, אַדער בעסער געזאָגט, זיי היטען זיך אַליין; אָבער אין אַמעריקאַ טרעפֿט עס זעהר אָפֿט, אַז טרייד יוניאָניסטען בעלאַנגען אין דער זעלבער צייט צו דער מיליץ, און מען קען זיי רופֿען יעדען מאָמענט, אום אויפֿצוהאַלטען די קאַפּיטאַליסטישע „אָרדנונג" געגען סטרייקענדע אַרבייטער. אין דייטשלאַנד האָבען די סטרייקענדע אַרבייטער זייערע אייגענע פּאָליציסטען, וועלכע געהען אַרום מיט אַ ווייסען בינד אַרום אַרבעל, כדי מען זאָל זיי דערקענען, אום אויפֿצוהאַלטען די אָרדנונג. אין אַמעריקאַ מאַכען זיי די זעלבע אַרבייט, נאָר דאָרטען טראָגען זיי אַ יוניפֿאָרמע און זיינען בעוואָפֿענט מיט ביקסען און שווערדען. דאָרטען זיינען די טרייד־יוניאָניסטען זעהר אָפֿט בעוואוסטע און פֿרייוויליגע פּינקערטאָנס, נאָר פֿון דעסטוועגען שליסט מען זיי ניט אויס פֿון די יוניאָנס; און עס גיט נאָר אַ קליינע צאָהל געווערקשאַפֿטען, וועלכע נעהמען ניט אַריין קיין מיטגלידער פֿון דער מיליץ אין זייערע אָרגאַניזאַציאָנען.

די סאָלידאַריטעט צווישען די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס איז ניט מעהר ווי אַ טויטער בוכשטאַב. וועהרענד דעם גרויסען מיינער־סטרייק אין קאָלאָראַדאָ (1904) האָט

גאָמפּערס אויפֿגעפֿאָדערט אַלע יוניאָנס ניט צו אונטערשטיצען די „וועסטערן פֿעדערייישען אָף מיינערס”, דערפֿאַר ווייל די מיינערס האָבען זיך ניט רוהיג געלאָזט געפֿאַלען אַלע געמיינהייטען און ברוטאַליטעטען פֿון די קאַפּיטאַליסטען.

ווהרענד דעם סטרייק האָבען אָרגאַניזירטע לאָקאָמאָטיווען־פֿיהרער טראַנספּאָטירט די קוילען, וועלכע זיינען אויסגעגראָבען געוואָרען פֿון סקעבס, נאָך מעהר, זיי האָבען זאָגאַר אַוועקגעפֿיהרט הונדערטע סטרייקערס אין די איינזאַמע סטעפּען פֿון ניי־מעקסיקאָ אויף דעם בעפֿעהל פֿון די קוילען־באַראָנען.

דיזער געזעצליכער גייסט, וועלכער בעהערשט די אַמעריקאַנער אַרבייטער־קלאַסע, איז אויך איינע פֿון די הויפּט־אורזאַכען, וואַרום די קאַפּיטאַליסטישע ברוטאַליטעט איז גראַדע אין דיזעם לאַנד אַזוי אונפֿערשעמט, וואַרום די מאַכט פֿון די טראָסטס איז דאָרטען כמעט אַן אַבסאָלוטע, און וואַרום דער אַמעריקאַנער אַרבייטער שפּיעלט וואָס וויי־טער אַלס מעהר די ראָלע פֿון אַ ווייסען שקלאף. די אַלע גרויסע סטרייקס, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען אין אַמע־ריקאַ פֿאַר די לעצטע עטליכע יאָהר צייט, זיינען פֿערלאָרען געגאַנגען, און די אַרבייטער האָבען זיך נאָך געבעטען ביי די קאַפּיטאַליסטען, אַז מען זאָל זיי צוריק צונעהמען צו דער אַרבייט. און וועהרענד די קאַפּיטאַליסטען פֿון אַלע טריידס האָבען אַראָבגעריסען פֿון די ווייזשעס, האָט זיך דער פּרייז פֿון די לעבענס־מיטעל מיט 30 פּראָצענט פֿערהעכערט, זייט די לעצטע פֿינף יאָהר. די נאַציאָנאַלע פּראָדוקציאָן און די רייכטהימער זיינען אונגעהייער געוואַקסען, נאָר די אַרבייטער האָבען דערפֿון קיין זאַך ניט פּראָפֿיטירט.

אין 1890 איז דער אַלגעמיינער ווערטה פֿון דער אַמעריקאַנער פּראָדוקציאָן בערעכענט געוואָרען אויף 46 מיליאַרדען דאָלאַר; אין 1900 אויף 65 מיליאַרדען. די פּראָדוקציאָן האָט זיך אַלזאָ פֿערהעכערט מיט 41 פּראָצענט.

אין 1890 האָט מען דעם אַלגעמיינעם אַרבייטס־לוין

געשעצט אויף 11 מיליארדען, און אין 1900 אויף 13 מי־ליארדען; ד. ה. אַז דער אַלגעמיינער אַרבייטס־לוין האָט זיך נאָר פערהעכערט מיט 19 פּראָצענט.

לויט דיזער סטאַטיסטיק האָבען די אַמעריקאַנער אַר־בייטער אין 1890 בעקומען 24 פּראָצענט, ד. ה. אַלזאָ כמעט אַ פערט חלק פון דעם אַלגעמיינעם ווערטה פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן. אין 1900 האָבען זיי מעהר ניט בע־קומען ווי 20 פּראָצענט, ד. ה. בלויז אַ פינפט חלק פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציאָן, וועלכע די פּראָלעטאַריער האָבען דאָך אין גאַנצען געשאַפען.

און דיזער טרויעריגער רעזולטאַט, דיזע איינפאַכע איגנאָרירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז מעגליך אין אַ לאַנד מיט צוויי מיליאָן טרייד־יוניאַניסטען און פולע גע־ווערקשאַפטס־קאַסען! מען קען זאָגאַר בעהויפּטען, אַז דאָס איז מעגליך, פונקט דערפאַר, ווייל די יוניאָנס זיינען אַזוי שטאַרק אין מיטגלידער און געלד, און ווייל זייערע מיט־גלידער האָבען אין דערזעלבער צייט אַזאַ הייליגען רעספּעקט פאַר דעם געזעץ און דעם קאַפּיטאַליסטישען אייגענטהום. די אַרבייטער, פערלאָזענדיג זיך אויף זייער גרויסע אָרגאַ־ניזאַציאָן און אויף זייערע פולע סטרייק־קאַסען, פערגעסען אין גאַנצען, אַז מוטה, ענטשלאָסענהייט און רעוואָלוציאָנערע האַנדלונגען זיינען אין יעדען קאַמפּף — אויך אין אַ לוין־קאַמפּף — די ענטשיידענדע מיטלען, און אַז די סאָלידאַ־ריטעט, וועלכע דריקט זיך אויס דורך אַלגעמיינע סימפּאַ־טהיע־סטרייקס פון אַנדערע טריידס, האָט אַ גרעסערען ווערטה ווי די פינאַנציעלע אונטערשטיצונג. ניט די צאָהל און ניט די קאַסע שפּיעלען אין אַ קאַמפּף די הויפּט־ראָלע, נאָר דער גייסט און די אינערליכע איבערצייגונג פון די וואָס שטעהען אין קאַמפּף.

פון אַ ווייטערען אידעאַל, פון דעם שטרעבען צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז ביי די אַמעריקאַנער יוניאָנס איבערהויפּט ניט די רעדע, דען אָקוראַט ווי די

מייסטע ענגלישע געווערקשאַפטען, אַנערקענען זיי אויך די נויטווענדיגקייט פון דער עקזיסטענץ פון לוין־אַרבייט און קאַפּיטאַל.

* * *

אין די אייראָפּעאישע לענדער איז דער צושטאַנד ניט קיין בעסערער, און כמעט איבעראַל זיינען די געווערקשאַפטען דורכגעדרינגען פון דעמזעלבען פריעדליכען און געזעצליכען גייסט. פון ענגלאַנד האָבען מיר שוין פריהער גערעדט, לאָמיר אַלזאָ וואַרפען אַ קורצען בליק אויף די ענטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדע, וועלכע דייטשלאַנד האָט דורכגעמאַכט זייט די לעצטע עטליכע יאָהר.

ווער דערמאָהנט זיך ניט אין דעם בעריהמטען וועבער־סטרייק פון קרימיטשוי? דיזער סטרייק האָט אונז קלאָהר און דייטליך געצייגט, אַז די פאַסיווע טאַקטיק פון די געווערקשאַפטען קען קיינמאָל ניט האָבען דעם קלענסטען ערפאָלג. מאָנאַטען לאַנג האָט זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט און סימפאַטהיע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָנצענטרירט אויף דעם קאַמפּף פון די וועבער אין „רויטען קעניגרייך זאַקסען,” וועלכע האָבען מעהר ניט געפאָדערט ווי אַ צעהן שטונדען אַרבייטס־טאָג. פון אַלע זייטען זיינען די סטרייקערס אונטערשטיצט געוואָרען, און ווען דער סטרייק האָט זיך געענדיגט, איז אין דער סטרייק־קאַסע נאָך געווען אַן איבערשוס פון 77.000 מאַרק; דאָס הייסט, אַז די יוניאָן איז נאָך דעם סטרייק געווען פיעל רייכער, ווי בעפאָר דעם סטרייק. און טראָץ דעם איז דער סטרייק געווען אַ פערלאָרענער, ווייל די אַרבייטער האָבען ניט געהאַט דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט, וועלכער איז אונבעדינגט נויטווענדיג פאַר דעם ערפאָלג פון אַזאַ קאַמפּף. די אויבערסטע פיהרער פון דער דייטשער אַרבייטער־בעוועגונג, זעהענדיג, אַז די קאַפּיטאַליסטען וועלען ניט איינגעבען, האָבען צולעצט אויפגעפאָדערט די אַרבייטער, זיי

זאָלען געהן צוריק צו דער אַרבייט, אום ניט צו רואינירען דעם וואָהלשטאַנד פֿון דער שטאָדט (בעסער וואָלט געווען צו זאָגען פֿון דער בורזשואזיע), דעם האַנדעל און אינדוסטריע, און די אַרבייטער האָבען אפילו ניט פּראָטעסטירט געגען דיזען לעבערליכען פֿערלאַנג און זיינען רוהיג ווי אַ סטאַדע שעפּסען געגאַנגען צוריק אַרבייטען.

דער סטרייק פֿון קרימיטשוי איז געווען דער אָנפֿאַנג פֿון אַ גאַנצער סעריע פֿון מפּלות פֿאַר די דייטשע ארבייטער־קלאַסע, איבעראַל האָבען זיך די זיעגרייכע קאַפּיטאַליסטען שטאַרק אָרגאַניזירט און אַטאַקירען די אַרבייטער ביי דער קלענסטער געלעגענהייט.

דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָרום די ענערגישע עלעמענטען אין דער דייטשער און עסטרייכישער אַרבייטער־בעוועגונג הויבען אָן ביסלעכווייז צו בעגרייפֿען, אַז אַ פֿולע סטרייק־קאַסע איז נאָך ניט די גאַנצע מאַכט פֿון אַ געווערקשאַפֿט.

אין 1905 זיינען 200.000 קוילען־גרעבער אין דער רוהר־געגענד אַרויס אין סטרייק, און אויך דיזער סטרייק האָט זיך געענדיגט מיט אַ שרעקליכער מפּלה פֿון די אַרבייטער. און דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך, ווייל מען האָט זיך דיזעס מאָל ניט בענוגענט צו פּריידיגען רוהע און געזעצליכקייט, נאָר מען האָט אויך אָרגאַניזירט אַ בעזונדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַט די שעהנע אויפֿגאַבע צו זאָרגען דערפֿאַר, אַז מען זאָל זיך ניט צוריהרען צו דעם קאַפּיטאַליסטישען אייגענטהום אָדער צו די סטרייק־ברעכער. דער גאַנצער סטרייק איז מעהר ניט געווען ווי אַ פֿרידליכע הונגער דעמאָנסטראַציע, דאָס איז אַלעס. און אין דערזעלבער צייט, ווען די קוילען־גרעבער אין דער רוהר־געגענד האָבען געסטרייקט, האָבען זייערע אָרגאַניזירטע קאַמעראַדען אין אַנדערע געגענדען פֿון דייטשלאַנד געאַרבייט לענגערע שטונדען. פֿון איין זייט האָבען זיי אונטערשטיצט די סטרייקערס מיט פֿינף מאַרק אַ וואָך

פער מאַן, און פֿון דער צווייטער זייט האָבען זיי געאַרבייט טאָג און נאַכט, כדי די דייטשע אינדוסטריע זאָל ניט ליידען דורך דעם סטרייק. און ווען די סטרייקערס האָבען זיך ענדליך געמוזט אונטערגעבען, האָט דער בערלינער „פֿאָרווערטס“ (11־טען פֿעברואַר 1905) נאָך געשריבען, אַז די קוילען־גרעבער האָבען געהאַט אַ „מאָראַלישען זיעג“ און די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט זאגאַר געמוזט אָנערקענען, אַז עס קומט זיי אַ בעזונדערער דאַנק פֿאַר „זייער רוהיגע האַלטונג“.

דיזע טרויעריגע שקלאַפֿען שטאָלצירען נאָך דערמיט, וואָס די קאַפּיטאַליסטען און אויסבייטער דריקען אויס זייער צופֿרידענהייט איבער די גזעצליכע און אונגעפֿעהרליכע האַלטונג פֿון די אַרבייטער.

פֿון דיזע אַלע נידערלאַגען האָט די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּרעסע נאָר איין זאַך געלערנט, נעמליך: „אַז די אַרבייטער דאַרפֿען נאָך מעהר אָנפֿילען זייערע סטרייק קאַסען, ווייל אין דעם מאָדערנעם קאַמפּף ענטשיידעט נאָר די קאַסע“.*) מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז די אַרבייטער דאַרפֿען אַזוי לאַנג שפּאָרען, ביז וואַנען זיי וועלען האָבען מעהר געלד פֿון די קאַפּיטאַליסטען. און דיזער לעכערליכער אידיאָטיזמוס געפֿינט נאָך אַלץ גלויביגע צוהערער צווישען די אַרבייטער! שפּאָרט, אַרבייטער, שפּאָרט, ביז וואַנען די געווערקשאַפֿטען וועלען זיין רייכער פֿון די מיליאָנערען און זייערע טראָסטס, און דאַן וועלען די קאַפּיטאַליסטען דאַרפֿען סטרייקען. אויף אַזאַ מין אַרט קען מען זיך „אָבשפּאָרען“ דעם סאָציאַליזמוס און מען דאַרף ניט קיין סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

און דאָס איז ליידער ניט קיין וויץ, קיין איבערטרייבונג, דען אין פֿעברואַר 1903 האָט די בערלינער „מע־

---

*) זעה „פֿאָלקס-רעכט“ ציריך, 17-טער פֿעבר. 1905 און „פֿאָרווערטס“ בערלין 10 טער פֿעבר. 1905.

טאַל-אַרבייטער צייטונג" זיך אויסגעלאַכט אין אַן אַרטיקעל פון די פראַנצויזישע אַרבייטער, וועלכע „גיבען נאָך אַליץ אַוועק זייער בלוט אָנשטאָט זייער געלד פאַר זייער בע־פרייאונג."

* * *

דער גרויסער סטרייק פון די בערלינער מעטאַל-אַר־בייטער (1905), וועלכער איז אָנגעגאַנגען פאַר 21 וואָכען צייט, איז, פערשטעהט זיך, פערלאָרען געגאַנגען, טראָץ די 200.000 מיטגלידער פון דעם דייטשען מעטאַל-אַרבייטער פערבאַנד.

דער קאַמפף פון די בערלינער עלעקטריקער, וועלכער איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך אַ לאָק-אויט פון די קאַפיטאַליסטען, האָט זיך אויך געענדיגט מיט דעמזעלבען רעזולטאַט. 40.000 אַרבייטער האָט מען אַרויסגעוואָרפען אין גאַס, און די געווערקשאַפט האָט קיין זאַך ניט געטהאָן דאַגעגען. ביי דיזער געלעגענהייט האָט עס זאָגאַר גע־טראָפען, דאָס אין איינע פון די עלעקטרישע פאַבריקען, וואו סקעבס האָבען געאַרבייט, האָט אויסגעבראָכען א גרויסער פייער — פערשטעהט זיך, ניט דורך די שולד פון די אַרבייטער — דאַן האָט די געווערקשאַפט געשיקט די סטרייקערס, זיי זאָלען העלפען לעשען דעם פייער, אום צו רעטען דאָס אייגענטהום פון זייערע אויסבייטער, וועלכע האָבען זיי אַרויסגעוואָרפען אין גאַס.

אַזוי לאַנג ווי די געווערקשאַפטליכע בעוועגונג איז נאָך דורכגעדרונגען מיט אַזאַ גייסט, וועט זי שטענדיג זיין פעראורטהיילט צו מפלות.

---

## II.

# די אורזאכע, ווארום די פרידליכע לוין־קעמפפע האבען קיין ערפאלג ניט.

---

אין אַלע לענדער, וואו די געווערקשאַפֿטליכע בַּוועגונג האַלט זיך ביי די אַלטע פֿאָרמען און מעטהאָדען פֿון קאַמפף, זעהען מיר, אַז די מייסטע, כמעט אַלע גרעסערע סטרייקס האָבען זיך געענדיגט מיט אַ מפלה פֿאַר די אַרבייטער. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך. דען מיר זעהען איבעראַל אַן איבערבייט אין דעם עפֿענטליכען לעבען און גרויסע פֿערענדערונגען פֿון די עקאָנאָמישע פֿערהעלטניסע, און עס פֿערשטעהט זיך פֿון זיך אַליין, אַז די טאַקטיק פֿון די אַרבייטער דאַרף זיך זעהען צוצופאַסען צו דיזע אַלע פֿערענדערונגען, אויב זי זאָל האָבען אַן ערפֿאָלג.

דער פֿרידליכער סטרייק, ד. ה. די מעטהאָדע צו ענטזאַגען זיך פֿון דער אַרבייט, אום דאַדורך דעם מייסטער אָדער פֿאַבריקאַנט צו צווינגען נאָכצוגעבען געוויסע פֿאָדערונגען פֿון די אַרבייטער, איז געווען אַ גאַנץ גוטער מיטעל מיט צוואַנציג אָדער דרייסיג יאָהר צוריק. און ווען די אַרבייטער האָבען זיך ערשט ריכטיג אָרגאַניזירט און געגרינדעט סטרייק־קאַסען, דאַן איז דיזע טאַקטיק געווען געוויס גוט, ווייל דער אַרבייטער איז דאַן ניט דירעקט אָבהייניג געווען פֿון זיין לוין, און דער מייסטער, וועלכער האָט נייטיג געהאַט די אַרבייטס־קראַפֿט פֿון די אַרבייטער, איז געווען אין אַ שלעכטע פּאָזיציאָן. אַזוי לאַנג ווי די אַרבייטער האָבען נאָר געהאַט צו קעמפֿפֿען געגען קליינע מייסטערלאַך און פֿאַבריקאַנטען, זיינען דיזע סאָרט סטרייקס מייסטענטהיילס געווען ערפֿאָלגרייך. די אַרבייטער, וועלכע זיינען

אזוי איך שוין געוואוינט געווען צו ליידען, האָבען זיך, פֿערשטעהט זיך, ניט געהאַט וואָס צו שרעקען, און דער קליינער מייסטער, וועלכער האָט שטענדיג געדאַרפֿט מורא האָבען צו פֿערלירען זיינע קונדען דורך אַ סטרייק, איז אָפֿט־מאָל רואינירט געוואָרען דורך אַ פֿרידליכען לוין־קאַמפּף. די קליינע מייסטער און פֿאַבריקאַנטען האָבען זיך איינפֿאַך דערשראָקען פֿאַר אַ סטרייק און האָבען אָפֿטמאָל באַלד נאָכגעגעבען, כדי ניט צו שעדיגען זייער עקזיסטענץ.

אָבער זייט די לעצטע דרייסיג און איבערהויפּט זייט די לעצטע פֿופֿצעהן יאָהר האָבען זיך די אומשטענדען אין פֿיעלע בעציהונגען געוואַלטיג איבערגעביטען.

די קאַפּיטאַליסטען האָבען ביז צו אַ געוויסען גראַד געלערנט פֿון די אַרבייטער: זיי האָבען אָנגעהויבען זיך צו אָרגאַניזירען אין גרויסע פֿאַבריקאַנטען־פֿעראייניגונגען, קאַרטעלען, טראָסטס א. ז. וו. און אַזוי שטעהט יעצט די געוואַלטיגע מאַכט און סאָלידאַריטעט פֿון די קאַפּיטאַליסטען אין אַלגעמיין געגען די סאָלידאַריטעט פֿון די אַרבייטער. אין דער צייט פֿון סטרייקס אונטערשטיצען זיך די קאַפּיטאַליסטען איינער דעם אַנדערן און שיצען זיך געגען יעדען פֿערראַטה דורך פֿעסטע קאָנטראַקטען, וועלכע קיינער קען ניט ברעכען, אויב ער וויל ניט ריזיקירען אַ בעדייטענדען טהייל פֿון זיין קאַפּיטאַל; און דאָס וויכטיגסטע איז, אַז זיי העלפֿען זיך אויס איינער דעם אַנדערן און זעהען מיט אַלע מעגליכקייטען צו מאַכען סטרייק־אַרבייט.

אויסערדעם האָט די טעכניש־עקאָנאָמישע ענטוויקלונג געשאַפֿען אַזאַ צושטאַנד, אַז די קאַפּיטאַליסטען דאַרפֿען שוין מעהר קיין מורא ניט האָבען פֿאַר די אַלטע סטרייק־מעטהאָדען. עס איז וואָהר, אַז די טהעאָריע פֿון דער קאָנצענטראַציאָן פֿון'ם קאַפּיטאַל אין וועניגע הענד איז אַ פֿאַלשע, אָבער אויב דאָס קאַפּיטאַל קאָנצענטרירט זיך אפילו ניט אין די הענד פֿון איינצעלנע מענשען, זעהען מיר אָבער אַ געוואַלטיגע קאָנצענטראַציאָן פֿון דער אינ־

דוסטריע, דורך די גרויסע אַקציען־געזעלשאַפֿטען קאָמפּאַניעס און טראָסטס. די געוואַלטיגע אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען פֿון אונזער צייט ווערען געפֿיהרט פֿון איינינע דירעקטאָרס, מענעדזשערס א. ז. וו. ווערהרענד די אייגענטליכע קאַפּיטאַליסטען לייגען אַריין זייער קאַפּיטאַל אין פֿערשידענע אונטערנעהמונגען און זיינען ניט מעהר ווי אַקציען־בעזיצער. דורך אַ סטרייק וואָלט זיך זייער פּראָפּיט אפשר פֿערקלענערט מיט איינינע פּראָצענט, אָבער פֿון אַ פֿערניכטונג פֿון זייער עקזיסטענץ קען ניט זיין קיין רעדע, דערפֿאַר וואָס זיי דאַרפֿען ניט האָבען קיין מורא פֿאַר קאָנקורענטען. און דאַן נאָך אַ זאַך: אַמאָל האָבען די קליינע פֿאַבריקאַנטען געמאַכט בעשטימטע קאָנטראַקטען, אויב זיי האָבען בעקומען א גרעסערע אַרבייט, זיי האָבען זיך פֿערפֿליכטעט איהר פֿאַרטיג צו מאַכען אין אַ בעשטימטער צייט, און דערפֿאַר האָבען זיי געזעהן אויסצומיידען יעדען דיספּוט מיט זייערע אַרבייטער. די היינטיגע קאָמפּאַניס מאַכען אויך זייערע קאָנטראַקטען, אָבער אין יעדען אָבמאַך געפֿינען מיר היינט אַ פּאַראַגראַף, אַז דער אָדער די קאַפּיטאַליסטען זיינען ניט פֿעראַנטוואָרטליך, אויב די אַרבייט שטעלט זיך אָב צוליעב אַ פֿייער, אַן ערדציטערניש, אַ מלחמה אָדער אַ סטרייק.

אויך דאַרף מען ניט פֿערגעסען, אַז דורך די געוואַלטיגע פֿינאַנציעלע און עקאָנאָמישע מאַכט פֿון די קאַפּיטאַליסטען, ווערען זיי אַלס מעהר די אויטאָקראַטישע דעספּאָטען פֿון אַ גאַנצען פֿאָלק, אַזוי ווי מיר זעהען עס יעצט אין אַמעריקאַ. דאָס שיקזאַל פֿון מיליאָנען מענשען ליגט אין זייערע הענד, זיי קענען אויסהונגערן אַ גאַנצע נאַציאָן, אויב עס ווער זיך זיי פֿערגלוסטען. די פֿעראַכטונג, וועלכע דער גרויסער קאַפּיטאַליסט צייגט אַרויס פֿאַר דעם אַרבייטער איז פֿיעל גרעסער ווי די פֿון דעם אַלטען מייסטער אָדער פֿאַבריקאַנט. ער קומט זיך קיינמאָל ניט צונויף מיט דעם פּראָלעטאַריער, און דאָס בעוואוסטזיין פֿון זיין גרויס־

קיינ מאַכט איהם שטאָלץ און ברוטאַל ווי אַ זעלבסטהערשער. ער וועט ניט אָננעהמען די גרינגסטע פֿאָדערונגען פֿון זיינע אַרבייטער, ער וועט בעסער בעצאָהלען זיינע סקעבס אַ דאָפּעלטען פּרייז, כדי ער זאָל קענען צייגען, אַז ער איז דער הערר און אַלע אַנדערע זיינען שקלאַפֿען.

נאָך אַ פֿאַקטאָר איז פֿון גרויסער וויכטיגקייט פֿאַר דעם יעצטיגען קאַמפּף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, די גרויסע אַרמעע פֿון די געצוואונגענע ליידיג-געהער, וועלכע איז אויסערגעוועהנליך גינסטיג פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון סקעבס און פֿערדערטהער אין די רייהען פֿון די אַרבייטער.

איינע פֿון די שרעקליכסטע וואַפֿען, מיט וועלכע די גרויסע קאַפּיטאַליסטען בענוצען זיך היינט ביי יעדער געלעגענהייט, אום צו צוברעכען די אָרגאַניזאַציאָן פֿון די אַרבייטער און זייערע פֿאָנדס, איז דער לאָק-אויט. מען וואַרפֿט הונדערטער און אָפֿטמאָל טויזענדער אַרבייטער אַרויס אין גאַס, און ערקלעהרט זיי, אַז מען וועט זיי ערשט דאַן צוריק נעהמען צו דער אַרבייט, ווען זיי וועלען אַרויסטרעטען פֿון זייערע יוניאָנס; עס טרעפֿט אויך, אַז מען פּראָקלאַמירט אַ לאָק-אויט אין איין בראַנטש פֿון אַן אינדוסטריע, כדי צו צווינגען די סטרייקענדע אַרבייטער פֿון אַן אַנדער בראַנטש, זיי זאָלען אויפֿגעבען דעם סטרייק. אויף אַזאַ מין אַרט געלינגט עס די קאַפּיטאַליסטען זעהר אָפֿט צו פֿערניכטען די געווערקשאַפֿטען פֿון די אַרבייטער און אויסצוליידיגען זייערע קאַסען.

אָט דאָס איז דער היינטיגער צושטאַנד. ווי מיר זעהען אַלזאָ, האַבען זיך די אַלגעמיינע בעדינגונגען זעהר שטאַרק איבערגעביטען צו גונסטען דעם קאַפּיטאַליסט, און די אַלטע טאַקטיק פֿון די געווערקשאַפֿטען איז איינפֿאַך אונפֿעהיג צו ענדערן דיזען צושטאַנד. עס איז ניט מעהר ווי אַ וואַהנזין, ווען אַרבייטער רעדען זיך איין, שטיצענדיג זיך אויף זייערע קאַסען, אַז דעם גרויסען קאַפּיטאַליסט און אַקציאָנער, וועלכער ווייס מאַנכעסמאָל גאָרניט, אין וועלכער געגענד

זיינע פֿאַבריקען געפֿינען זיך, קען מען בעקעמפּפֿען מיט דיזעלבע וואַפֿען ווי דעם קליינען מייסטער, וועלכער בעשעפֿטיגט פֿילייכט אַכט אָדער צעהן אַרבייטער. מיר וועלען ניט בעשטרייטען, אַז געווערקשאַפֿטען דאַרפֿען האָבען אַ געוויסען פֿאָנד, אָבער עס איז איינפֿאַך לעכערליך צו גלויבען, אַז ביי די יעצטיגע סטרייקס שפּילט די קאַסע די הויפּט־ראָלע. יעדער קען פֿערשטעהן, אַז פֿאַר יעדען פּעני, וועלכען דער אַרבייטער קען איינשטעלען, קען דער קאַפּיטאַליסט איינשטעלען הונדערט פֿונט. דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואַרום פֿיעלע סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען זיך איינגערעדט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמפּף האָט אין גאַנצען פֿערלאָרען זיין בעדייטונג, און אַז די אַרבייטער דאַרפֿען זיך וואָס מעהר בעטהייליגען אין דער פּאָליטישער טהעטיגקייט.

אָבער די פּראַקטישע ערפֿאַהרונג האָט אונז געצייגט, אַז די זאָגענאַנטע רעפֿאָרמען, וועלכע דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס האָט אויסגעפֿיהרט, זיינען ניט ווערטה קיין אויסגעבלאָזענע איי; און ווען עס גיט שוין יאָ איינעגע געזעצליכע בעשטימונגען, וועלכע זיינען גינסטיג פֿאַר די אַרבייטער, דאַן האָבען זיי די אַרבייטער אַליין געדאַרפֿט פֿריהער אויסקעמפּפֿען, איידער דער פּאַרלאַמענט האָט זיי בעשטעטיגט.

די אָנהייגער פֿון דער אַלטער טאַקטיק זעצען זייער גאַנצע האָפֿנונג אויף די אונדירעקטע אַקציאָן, אויף דעם פּאַרלאַמענטאַריזמוס, שיעדענס־געריכטע א. ז. וו. אַנשטאָט אויף די דירעקטע אקציאָן פֿון דער אַרבייטער־קלאַסע, אום אַרויסצורייסען פֿון די קאַפּיטאַליסטען געוויסע פֿערבעסערונגען צו גונסטען די אַרבייטער.

די זאָגענאַנטע פֿערטרעטער פֿון די אַרבייטער קענען פֿון דעם שטאַאַט נור אַזוי פֿיעל בעקומען, ווי די אַרבייטער זיינען אימשטאַנד דירעקט אַרויסצורייסען פֿון די קאַפּיטאַליסטען דורך דעם דירעקטען קאַמפּף. אָט דערפֿאַר זיינען

מיר גענען יעדער פֿערמיטלונג, געגען יעדען אומוועג, מיט איין וואָרט: מיר ווינען פֿיר די דירעקטע אַקציאָן פֿון די אַרבייטער. די ערקלעהרונג פֿון דיזען בעגריף ועלען מיר געבען אין נעכסטען קאַפּיטעל

---

# די דירעקטע אקציאן געגען די קאפּיטאליסטען.

## I.

### וואָס מיינט „דירעקטע אַקציאָן".

דער אויסדרוק „דירעקטע אַקציאָן" איז ערשט ענטשטאַנען מיט איינִיגע יאָהר צוריק. אין פראַנקרייך האָט מען צוערשט פּראָפּאַגאַנדירט דיזע מעטהאָדע, און פון דאָרטען האָט זי זיך באַלד פערברייטעט צווישען די אַרבייטער פון די אַנדערע ראָמאַנישע לענדער ווי אויך אין דער שווייץ. ווען די אַרבייטער פון דיזע לענדער האָבען פּראַקטיש געפיהלט, אַז דער קאַפּיטאַליזמוס ווערט שטאַרקער און מעכטיגער פון טאָג צו טאָג, ווען זיי האָבען ענדליך איינגעזעהן, אַז זייערע אַלטע וואַפען, די פרידליכע סטרייקס א.ז.וו. האָבען פערלאָרען זייער אַמאָליגען ווערטה, און דאָס זייערע פערטרעטער אין פּאַרלאַמענט זיינען אויך ניט אימשטאַנד עפּעס צו טהאָן פאַר זיי, האָבען זיי פערשטאַנען, אַז זיי דאַרפען זיך בענוצען מיט נייערע און בעסערע מעטהאָדען, אויב זיי ווילען האָבען אַן ערפאָלג אין זייער קאַמפף געגען די קאַפּיטאַליסטען. דיזע נייע מעטהאַדע איז געווען די „דירעקטע אַקציאָן".

ווערטליך מיינט עס דעם דירעקטען קאַמפף פון די אַרבייטער געגען די פאַבריקאַנטען און מייסטער, דעם דירעקטען קאַמפף פון דער אַרבייטער-קלאַסע געגען די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסע. ניט דורך די פערמיטלונג פון די פּאַרלאַמענטאַריער און זאָגענאַנטע איינִיגונג-געריכטע, נאָר דורך דעם דירעקטען דרוק אויף די עקספּלאָאַטאַטאָרס זאָלען די אַרבייטער דורכפיהרען בעשטימטע רעפאָרמען און פערבעסערונגען. עס פערשטעהט זיך, אַז אין אַזאַ

כּאַמפּף שפּיעלט די פֿראַגע פֿון געזעצליכקייט אַ גאַנץ קליינע ראָלע; די אַרבייטער קעמפּפֿען ניט אַזוי ווי מען ערלויבט זיי, נאָר אזוי ווי עס איז ניצליך פֿאַר זיי. די דירעקטע אַקציאָן קען האָבען פֿערשידענע פֿאָרמען; זי קען זיך זאָגאַר מאַניפֿעסטירען גאַנץ פֿרידליך, ווי צ. ב. ש. ווען די אַרבייטער הויבען פלוצלונג אָן צו אַרבייטען קירצערע שטונדען, אָהנע זיך פֿריהער נאָכצופֿרעגען ביי זייערע מייסטערס.

צו דער דירעקטער אַקציאָן בעלאַנגען די פֿאָלגענדע מיטלען, וועלכע מיר וועלען שפּעטער בעשפּרעכען יעדע בעזונדער: דער רעוואָלוציאָנערער טעראָריסטישער סטרייק, דער עקאָנאָמישער טעראָר, דער פּערזענליכער טעראָר געגען פֿערהאַסטע אויסבייטער און שקלאַפֿען־טרייבער, די סאַבאָטאַזש, דער גאָקעני, דער אָבסטרוקציאָניזם, דער באָיקאָט, מיט איין וואָרט, אַלע ענערגישע און רעוואָלוציאָנערע מיטעל, דורך וועלכע די פּראָלעטאַריער זוכען דירעקט אויסצופֿיהרען זייערע פֿאָדערונגען.

*
* *

II.

## די איינפֿאַכסטע פֿאָרמען פֿון דירעקטער אַקציאָן.

דיזע פֿאָרמע פֿון דער דירעקטער אקציאָן מאַניפֿעסטירט זיך מייסטענטהיילס, ווען די אַרבייטער זוכען דורכצופֿיהרען געוויסע רעפֿאָרמען, ווי צ.ב.ש. אַ פֿערקלענערונג פֿון די אַרביימס־שטונדען, די איינפֿיהרונג פֿון אַ פֿרייען טאָג אין וואָך, די אָבשאַפֿונג פֿון געוויסע איבלען אין דער טרייד, אָהן אַ סטרייק און ניט פֿערזוכענדיג פֿריהער צו פֿערהאַנדלען מיט די קאַפּיטאַליסטען. אויף אזאַ מין אַרט האָבען צ.ב.ש די שריפֿטזעצער אין סט. פּעטערבורג אויס־

געקעמפפט אַ פֿרייען זונטאָג פֿאַר זיך ; זיי זיינען איינפֿאַך מעהר ניט געקומען אין די דרוקערייען אַם זונטאָג, און האָבען דאַדורך אויף אַ גאַנץ איינפֿאַכען אופן אויסגעפֿיהרט זייערע פֿאָדערונגען. אין פֿיעלע טריידס האָבען די אַרבייטער אויף דיזעלבע אַרט איינגעפֿיהרט דעם אַכט שטונדען טאָג ; ד. ה. נאָך דעם ווי זיי האָבען געהאַט אָבגעאַרבייט אַכט שטונדען, האָבען זיי אַלע פֿערלאָזען די פֿאַבריקען.

אין ציריך האָבען די טישלער־אַרבייטער אין 1905 איינגעפֿיהרט דעם ניין און אַ האַלב שטונדיגען אַרבייטס־טאָג אויף דעם זעלבען שטייגער. וועהרענד דער סטרייק פעריאָדע אין רוסלאַנד פֿון 1904 ביז 1906 זיינען אָפֿט פֿאָרגעקומען אַזעלכע פֿעלע, וועלכע האָבען מייסטענטהיילס געהאַט אַ גוטען ערפֿאָלג. אין 1904 האָבען די שרייבער, פֿערקויפֿער א.ז.וו. פֿון דעם זאָגענאַנטען „קאַראַוואַן־סעראַ" אין טיפֿליס, וועלכער האָט 200 מאַגאַזינען מיט 2000 אַרבייטער, אויסגעפֿיהרט, אַז מען האָט פֿערמאַכט די געשעפֿטען אום 8 אוהר אַנשטאָט אום 11 אוהר. ווי באַלד דער זייגער האָט אויסגעקלאַפּט אַכט, האָבען אַלע פֿערלאָזען די מאַגאַזינען און זיינען ערשט צוריקגעקומען דעם אַנדערן טאָג אין אַן אָבגעמאַכטער צייט. ווען זיי האָבען פֿערלאָזען די אַרבייט, האָבען זיי אויך געצוואונגען די פֿערקויפֿערס פֿון די אַנדערע געשעפֿטען נאָכצופֿאָלגען זייער ביישפּיעל, און מיט צוויי וואָכען שפּעטער זיינען אַלע געשעפֿטען פֿער־מאַכט געוואָרען אום 8 אוהר. — אויף דיזעלבע אַרט האָבען די בוי־אַרבייטער פֿון טיפֿליס אויסגעקעמפפט 10 שטונדען אַרבייט טעגליך, אָנשטאָט פֿון 16 שטונדען ווי פֿריהער.

אין מאַרסעאי האָבען די דאָק־אַרבייטער ערלאָבערט דעם ניין שטונדען טאָג אויף אַן עהנליכען אופֿן. די אַרבייטער האָבען זיך ניט ערשט געווענדעט צום פּאַרלאַמענט, זאָנדערן דירעקט צו די קאַפּיטאַליסטען און געפֿאָדערט דעם 9 שטונדען טאָג, אָבער דעם זעלבען לוין ווי בעפֿאָר. די קאַפּיטאַליסטען האָבען ניט געוואָלט איינגעבען. די פֿאָלגע

איז געווען, אַז די אַרבייטער זיינען געקומען יעדען פֿריהמאָרגען צו דער אַרבייט, נאָר אום 12 אַזייגער זיינען זיי זיך געגאַנגען אַהיים, נאָך דעם ווי זיי האָבען פֿריהער פֿאָרגעלייגט די קאַפּיטאַליסטען אימער ווידער פֿון דאָס ניי זייערע פֿאָדערונגען. אַזוי האָט מען אָבגעסטרייקט יעדען טאָג אַ העלפֿט פֿאַר זעקס וואָכען צייט. דעם ערשטען האַלבען טאָג האָט מען, פֿערשטעהט זיך, אויך ניט אַזוי שטאַרק געהאָרעוועט, און די פֿאָלגע איז געווען, אַז די קאַפּיטאַליסטען האָבען צולעצט דאָך געמוזט איינגעבען.

דערזעלבער גייסט האָט אויך בעהערשט דעם קאָנגרעס פֿון די פֿראַנצויזישע געווערקשאַפֿטען אין בורזש (1904), וואו עס איז בעשלאָסען געוואָרען איינצופֿיהרען דעם 8 שטונדען טאָג אין גאַנץ פֿראַנקרייך פֿון'ם 1טען מאַי 1906 אָן. נאָך דעם ווי די אַרבייטער האָבען איבער צוואַנציג יאָהר צייט ערוואַרטעט דעם אַכט שטונדען טאָג פֿון פּאַרלאַמענט, האָבען זיי זיך ענדליך אַליין גענומען צו דער אַרבייט, אום איינצופֿיהרען דיזע וויכטיגע רעפֿאָרמע דורך זייער אייגענע קראַפֿט. מען האָט אָנגעפֿיהרט אַ גרויסע אַגיטאַציע אין גאַנץ פֿראַנקרייך. איבעראַל האָט מען בעקאַנט געמאַכט דעם בעשלוס פֿון דעם בורזשער קאָנגרעס און מיליאָנען פֿון הענדבילס, אַפֿישעס, בראָשורען א. ז. וו. זיינען איבעראַל פֿערברייטעט געוואָרען צווישען די אַרבייטער. אין די פֿאַבריקען, אויף די מאַשינען האָט מען איבעראַל אַרויפֿגעקלעפּט קליינע שטיקלאַך פּאַפּיר מיט די ווערטער: „פֿון 1טען מאַי 1906 אָן פֿערלאָזען מיר די פֿאַבריקען, נאָך דעם ווי מיר האָבען אָבגעאַרבייט אַכט שטונדען!"

די פֿאָלגע איז געווען, אַז די געווערקשעפֿטען האָבען זיך איבעראַל שטאַרק ענטוויקעלט. די אַרבייטער האָבען בעקומען נייע האָפֿנונגען, זיי האָבען אָנגעהויבען צו בעגרייפֿען זייער אייגענע קראַפֿט און זיינען געוואָרען זיכערער אין זייערע קעמפֿע.

די פֿראַנצויזישע אַרבייטער זיינען אפילו ניט אימשטאַנד געווען אויסצופֿיהרען זייערע פֿאָרערונגען אַם 1־טען מאַי 1906, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען נאָך געוועזן צו שוואַך, און די בורזשואַזיע צוזאַמען מיט דער רעגירונג האָט מאָביליזירט אַ גאַנצע אַרמעע געגען די פּראָלעטאַריער. אָבער טראָץ דעם האָבען די אַרבייטער אין פֿיעלע טריידס בעקומען קירצערע אַרבייטס־שטונדען, און פֿאַר אַלעם האָט די געוואַלטיגע אַגיטאַציאָן, וועלכע איז אָנגעגאַנגען פֿאַר 18 מאָנאַט צייט, די אַרבייטער געצייגט, ווי אַזוי זיי דאַרפֿען קעמפפֿען פֿאַר די רעאַליזירונג פֿון זייערע פֿאָדערונגען.

די פֿערקלענערונג פֿון די אַרבייטס שטונדען איז אין דער ווירקליכקייט די וויכטיגסטע רעפֿאָרמע פֿאַר די אַרבייטער, דען יעדע שטונדע, וועלכע דער אַרבייטער איז ווייניגער אין פֿאַבריק, מיינט פֿאַר איהם אַ שטונדע ווייניגער שקלאַפֿעריי, מעהר געלעגענהייט פֿאַר זיין פּערזענליכער ענטוויקלונג, מעהר פֿאָרבערייטונג צו זיין בעפֿרייאונג.

אין פֿערשידענע פֿראַנצויזישע שטעדט האָבען די אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך פֿעראייניגט מיט די פֿערקויפֿערס, אויסגעפֿיהרט, אַז די געשעפֿטען זיינען אין אָבענד פֿריהער פערמאַכט געוואָרען. ביי דיזער געלעגענהייט האָבען שטאַטגעפֿונען מעהרערע סקאַנדאַלען פֿאַר די גרויסע שאַפּס, מען האָט אויסגעבראָכען איינ׳גע שויבען און געוואַרנט דאָס פּובליקום דורך אַפּישען און הענדבילס, עס זאָל מעהר ניט קויפֿען נאָך דער בעשטימטער צייט. די מענשען האָבען זיך דערשראָקען און האָבען מעהר ניט געקויפֿט. ווען די קאַפּיטאַליסטען האָבען געזעהן, אַז זייערע געשעפֿטען בלייבען ליידיג נאָך אַ געוויסער שטונדע, האָבען זיי אַליין פערמאַכט די שאָפּס, אום איינצושפּאַרען די בעליכטונג.

דיזע פֿאָרמען פֿון דירעקטער אַקציאָן קענען זאָגאַר אָבגעהן גאַנץ פֿרידליך. נאָר עס קומט אויך עפֿטער פֿאָר, אַז די פֿאַבריקאַנטען שווייגען ניט, זיי מאַכען לאָק־אויטס,

נעהמען אַראָב פֿון די ווירדושעס א. ז. וו און דאַן איז, פֿערשטעהט זיך, אַ רעוואָלוציאָנערער קאַמפּף נויטווענדיג.

ווענען דעם וועלען מיר רעדען אין אונזערע וויטערע אָבהאַנדלונגען.

## III.

## דער רעוואָלוציאָנערער סטרייק. — דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער טעראָר.

נאָכדעם ווי די אַרבייטער האָבען געלערנט דורך די ערפֿאַהרונגען פֿון די לעצטע עטליכע יאָהר, אַז מיט פֿריעד־ליכע סטרייקס וועלען זיי קיינמאָל ניט ווירקען אויף זייערע עקספּלאָאַטאַטאָרס אַז דיזע מעטהאָדע איז ניט אַנדערש ווי אַ רוהיגע אונגעפֿעהרליכע דעמאָנסטראַציע, האָבען זיי אָנגעהויבען, איבערהויפּט אין די ראָמאַנישע לענדער, צו פֿערשטעהען, אַז עס איז נויטווענדיג צו טרעפֿען די פּער־זאָן פֿון דעם פֿאַבריקאַנט, זיין סאָציאַלע עקזיסטענץ, אַקוראַט ווי פֿריהער דעם קליינעם מייסטער.

דער קאַפּיטאַליסט טעראָריזירט יעדען מאָמענט דעם אַרבייטער, זיין פּערזאָן, זיין געזונדהייט, זיין לעבען, ער קען יעדען אויגענבליק דעם אַרבייטער אַרויסוואַרפֿען אין גאַס, און איהם פֿעראורטהיילען צום הונגער, צוזאַמען מיט זיין פֿרוי און קינדער; אָט דערפֿאַר האָבען די אַנהייננער פֿון דער דירעקטער אַקציאָן פֿערשטאַנען, אַז די אַרבייטער מוזען קעמפּפֿען מיט דיזעלבע וואַפֿען, אויב זיי ווילען זיעגען. זיי מוזען אָנגרייפֿען די עקזיסטענץ פֿון דעם קאַ־פּיטאַליסט, פּונקט ווי ער אַטאַקירט זייער עקזיסטענץ און איהם צווינגען צו אַנערקענען זייערע פֿאָדערונגען. אָט דערפֿאַר איז דער פֿרידליכער און געזעצליכער סטרייק קיין וואַפֿע ניט און דערפֿאַר בעגרייפֿט מען וואָס וויטער אַלס מעהר די בעדייטונג פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען סטרייק און דעם עקאָנאָמישען טעראָר.

דער רעוואָלוציאָנערער סטרייק אונטערשיידעט זיך דאַדורך פון דעם פרידליכען און לעגאַלען סטרייק, וואָס ער זעצט ניט זיין גאַנצע האָפנונג אויף די פולע קאַסען פון די געווערקשאַפטען און די לאַנגע צייט, וועלכע זיי קענען שטעהן אין קאַמפף, ער זוכט ניט צו געווינען די סימפּאַטהיע פון דער בורזשואַזער קלאַסע און פון די פּאַר־לאַמענטאַרישע קערפּערשאַפטען, נאָר ער ווענדעט אָן אַלע מיטלען, אום איבערצושרעקען דעם קאַפּיטאַליסט, אַמאָקי־רענדיג זיינע מינען, זיינע פאַבריקען, זיין אייגענטהום. ער צווינגט דעם קאַפּיטאַליסט זיך צו רעכענען מיט דער גע־פאַהר צו פערלירען זיין עקזיסטענץ און אַרויסצורופען אַ דירעקטען אַנגריף פון די פערביטערטע אַרבייטער אויף זיין אייגענע פּערזאָן.

אין אַזעלכע פעלע, ווען די אַרבייטער האַלטען זיך ענערגיש, גיבען די קאַפּיטאַליסטען מייסטענטהיילס באַלד איין, ניט ווילענדיג ריזיקירען זייער קאַפּיטאַל און זייער פּערזענליכע עקזיסטענץ. עס איז שטענדיג די אַלטע גע־שיכטע: „דעם בעטלער גיט מען קיין זאַך ניט, דעם וואָס סטראַשעט, גיט מען אַלצדינג.״

די דירעקטע אַקציאָן קומט אַם מייסטען צום אויס־דרוק אין די רעוואָלוציאָנערע סטרייקס, און דערפאַר בע־טראַכטען מיר דיזע סאָרט סטרייקס אין אַלגעמיין אַלס מאַניפעסטאַציעס פון דער נייער טאַקטיק.

די אָנהייענגער פון דער „דירעקטער אַקציאָן״ זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער לעגאַליזם, דער גייסט פון גע־זעצליכקייט און געהאָרכזאַמקייט זיינען גראַדע די הויפּט־אורזאַכען פון די מפּלות פון די אַרבייטער. דער שטענדייגער דערמאָהנען די סטרייקערס צו האַלטען זיך רוהיג און געזעצליך, צו רעספּעקטירען די געזעצע פון דעם קאַפּיטאַליסט און זיין אייגענטהום, דאָס אַלעס איז ניט מעהר ווי אָן אַפּיל צו דער פייגהייט, עס מיינט ניט אַנדערש ווי צו זאָגען די עקספּלאָאַטירטע: „אַרבייטער לאָזט זיך רוהיג

שמייסען און טרעטען מיט די פיס! לאָזט זיך רוהיג בע'גנב'ענ'ען, בערויבען, ערמאָרדען!" עס פערשטעהט זיך פון זיך אליין, אז אזעלכע ווערטער מוזען דעם ארבייטער אראָבשלאָגען פון מוטה און אויעקרייבען פון איהם יעדע האָפנונג. מיר זעהען ביי יעדער געלעגענהייט, ווי דער קאפּיטאליסט צובּרעכט זיינע אייגענע געזעצע, אויב עס האנדעלט זיך צו פערטהיידיגען זיינע אינטערעסען, און פון די ארבייטער פאָדערט מען, זיי זאָלען רעספּעקטירען די געזעצע פון זייערע ביטערסטע געגנער.

עס איז איינפאך א בלוטיגע איראָניע אויף דאָס פּראָלעטאריאט אין אלגעמיין: דער אָנגעגעסענער בורזשוא מאכט געזעצע, מיט וועלכע ער רינגעלט ארום זיין פּערזאָן, זיין רייכטהום, זיין לוקסוס געגען די בעדירפניסע פון די הונגער־ליידער. און ווען דער ארבייטער פאָדערט א קליינע פערבעסערונג, ווייזט מען שטענדיג אָן אויף דעם אייגענען געזעצליכען קרייז און ערקלעהרט איהם, אז ער דארף פאר קיין פאל ניט איבערטרעטען דעם גרענעץ פון דער בורזשואזער געזעצליכקייט.

דיזע פרידליכע סטרייקס טויטען איינפאך די ענערגיע פון די ארבייטער, זייער מוטה, זייער איניציאטיווע, זייער זעלבּסטשטענדיגקייט; זיי פערלאָזען זיך אויף זייערע פערטרעטער, אויף'ן פּארלאמענט, אויף די פינאנציעלע אונטערשטיצונגען. יעדער ענטוזיאזמוס, אָדער בעגייסטערונג ווערט דערשטיקט אין די מאסען דורך דיזען שטענדיגען ריידען פון אָרדנונג און געזעצליכקייט.

עס פערשטעהט זיך, דאָס אונטער אזעלכע אומשטענדע איז יעדער ערפאָלג פון די ארבייטער איינפאך אויסגעשלאָסען. אָהן מוטה, אָהן בעגייסטערונג, אָהן ביישפּיעלע פון ענערגיע און ענטשלאָסענהייט וועלען די ארבייטער קיינמאָל ניט געווינען. די מוטהיגסטע פון זיי דארפען אין דער צייט פון קאמפּף צייגען, אז זיי רעספּעקטירען ניט די געזעצע פון זייערע געגנער, און זייערע האנדלונגען

דאַרפֿען אויפֿמונטערן די אַנדערע. ווען עס האַנדעלט זיך צו שטורמען אַ פֿעסטונג, דאַרפֿען צוערשט די איינצעלנע ריזיקירען זייער לעבען, אום צו שאַפֿען אַ וועג פֿאַר די אַנדערע. אָהנע דיזע ערשטע, ווערט די פֿעסטונג קיינמאָל ניט עראָבערט ווערען.

ביי די פֿרידליכע לוין־קעמפּפֿע פֿערציהט זיך דער סטרייק, די צייט פֿערגעהט ביסלעכווייז, די קאַפּיטאַליסטען זוכען סטרייק־ברעכערס אין אַלע לענדער, וועלכע שטעהען אונטער דעם בעזונדערן שוץ פֿון דער פּאָליציי און מיליטער; די מוטהיגע שטימונג פֿון די אַרבייטער פֿערשווינדעט, און די שטענדיגע דערמאָהנונגען צו האַלטען זיך רוהיג פֿערניכטען דעם לעצטען רעסט פֿון ענערגיע. קיין וואונדער, ווען זיי נעהמען זיך ענדליך צוריק צו דער אַרבייט.

די אַרמעע און פּאָליציי בעשיצט דאָס אייגענטהום פֿון די עקספּלואַטאַטאָרס און די סאָצ. דעמ. סטרייק פּאָליציי אונטערשטיצט זיי אין דיזער אַרבייט. דער קאַפּיטאַליסט זיצט זיך רוהיג אין דערהיים און לאַכט זיך אויס פֿון זיינע פֿייגע שקלאַפֿען, דען ער ווייסט גאַנץ גענוי, אַז זיי וועלען אין גיכען ווידער קומען און זיך בעטען ביי איהם, ער זאָל זיי ווייטער אויסבייטען און ערנידריגען.

די אָנהייגער פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען סטרייק ווייסען, אַז נאָר די סטרייקס קענען זיין ערפֿאָלגרייך, וועלכע געדויערן ניט לאַנג, און אין וועלכע די אַרבייטער קאָנצענטרירען זייער גאַנצע ענערגיע צו מאַכען ציטערן דעם קאַפּיטאַליסט און צו צווינגען איהם זיך אונטערצוגעבען. ווי אָפֿט שפּיעלט זיך די בורזשואַזיע מיט דעם לעבען פֿון די פּראָלעטאַריער אין דער צייט פֿון סטרייקס, ווי אָפֿט טרעפֿט עס, אַז קייזערליכע, קעניגליכע און רעפּובליקאַנישע זעלנער ערמאָרדען די אַרבייטער, דערפֿאַר וואָס זיי פֿאָדערן מעהר ברויט און פֿרייהייט פֿאַר זיך און זייערע קינדער! איז עס ניט די גרעסטע לעכערליכקייט צו פֿאָדערן פֿון דיזעלבע אַרבייטער, זיי זאָלען רעספּעקטירען די געזעצע,

דאָם אייגענטהום און די לעבענס פֿון זייערע אויסבייטער און מערדער?

אין אַזעלכע לענדער, וואו די פּראָלעטאַריער זיינען נאָך ניט אין גאַנצען פֿערשקלאַפּט געוואָרען דורך דעם גייסט פֿון געזעצליכקייט און דיסציפּלין, ענטפֿערן זיי אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען פּאָליציי און הונגער־טעראָר מיט דעם אַנטי־בורזשואַזען עקאָנאָמישען און סאָציאַלען טעראָר.

אונטער דעם עקאָנאָמישען טעראָר פֿערשטעהען מיר די פּלעצליכע שעדיגונג און צושטערונג פֿון געוויסע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, די אַטאַקען אויף דאָס קאַפּיטאַליסטישע אייגענטהום, כדי צו צווינגען דעם עקספּלואַטאַטאָר צו אַנערקענען די בערעכטיגטע פֿאָדערונגען פֿון די אַרבייטער. מאַנכעס מאָל טרעפֿט עס אויך, אַז דיזע אַטאַקען ריכטען זיך דירעקט געגען די פּערזאָן פֿון דעם קאַפּיטאַליסט אָדער פֿון זיינע אַגענטען.

וועהרענד דער לעצטער צייט זיינען פֿאָרגעקומען צאָהלרייכע פֿעלע, וואו אַרבייטער האָבען גענומען ראַכע פֿון אַ פֿאָרמאַן אָדער אַן אַנדערן שקלאַפֿען־טרייבער און האָבען איהם אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט. אַזעלכע פֿעלע זיינען צ.ב.ש. געווען די טהאַטען פֿון ספּאַנאָ און פּיוואָטאָ אין פֿראַנקרייך און דער אַטענטאַט פֿון אַלעקסאַנדער בערקמאַן אויף דעם עקספּלואַטאַטאָר פֿריק אין פּיטסבורג. אויך די אַטאַקען אויף סקעבס און סטרייקברעכער אין דער צייט פֿון קאַמפּף קענען צוגערעכענט ווערען צו דיזע פּאַסירונגען.

אין רוסלאַנד האָבען וועהרענד דער לעצטער צייט שטאַטגעפֿונען אַ גאַנצע סעריע פֿון אַטענטאַטען אויף קאַפּיטאַליסטען און פֿאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען אַרויסגעוואָרפֿען זייערע אַרבייטער אין גאַס. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דיזע האַנדלונגען האָבען געוואָרפֿען אַ טויט־שרעק אויף די עקספּלואַטאַטאָרס, דען זייער לעבען איז פֿאַר זיי נאָך אַלס טהייערער, איידער זייער געלד.

עס גיט מענשען, וועלכע פֿערדאַמען אַזעלכע טהאַטען, אָבער דער רוסישער אַרבייטער דיינקט גאַנץ אַנדערש, און ווען דער קאַפּיטאַליסט זאָגט צו איהם: „אַרבייט פֿאַר מיר אָדער קראַפּיר פֿון הונגער; און אויב דו וועסט זיין פֿרעך, וועלען דיך דערשיסען מיינע סאָלדאַטען, דיינע אייגענע אונזויסענדע ברידער!“ דאַן ענטפֿערן איהם די אַרבייטער: „אויב דו וועסט אונז ניט געבען מעהר ברויט און וויינינגער שקלאַפֿעריי, וועלען מיר דיר צוברעכען דיינע מאַשינען, און אפֿשר וועלען מיר זיך גאָר נעהמען צו דיינע אייגענע ביינער!“

אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט אין רוסלאַנד אַ נייע פֿאָרמע פֿון דעם זאָגענאַנטען „טיראַנען מאַרד“. דער פּאָליטישער טעראָר האָט זיך אויסשליסליך געריכטעט געגען די פֿערטרעטער פֿון דער פּאָליטישער טיראַניי; דער עקאָנאָמישער טעראָר ריכטעט זיך געגען די פֿערטרעטער פֿון דעם מאָדערנעם אויסבייטונגס־סיסטעם. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַזעלכע אַקטען זיינען מייסטענטהיילס ריין אינדיווידועלע טהאַטען, אָבער זיי דריקען אויס מיט זיך די פֿערביטערונג און די פֿערצווייפֿעלטע שטימונג פֿון די אַרבייטער. מען האָט שוין אָנגעווענדעט אַלע מיטלען געגען זיי, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפֿען.

אַן אויסגעצייכענטער מיטעל פֿאַר אַ קאָלעקטיווע רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק איז די פֿערגרעסערונג פֿון די סטרייקס — דער גענעראַל־סטרייק. ביי אַזעלכע געלעגענהייטען איז עס פֿיעל לייכטער און וויינינגער געפֿעהרליך אויסצופֿיהרען טעראָריסטישע אַקטען, אַזוי ווי מיר האָבען עס געזעהן וועהרענד די לעצטע עטליכע יאָהר.

די בעריהמטעסטע רעוואָלוציאָנערע סטרייקס זיינען די פֿון באַרצעלאָנאַ (1902), בילבאַאָ (1903), די סטרייקס פֿון לאָריאַן העננבו (1904), ברעסט (1905), באַקו (1905) און כמעט אַלע גרעסערע סטרייקס, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען וועהרענד די לעצטע צוויי יאָהר אין רוסלאַנד.

* * *

אין די מינען פון בילבאא, שפאניען, זיינען די אר־בייטער אים הערבסט 1903 ארויס אין סטרייק, אום אָב־צושאפען דעם זאָגענאַנטען „טרוק־סיסטעם" און פאַר די וועבענטליכע בעצאָהלונג פון זייערע וויידזשעס. דורך דאָס „טרוק־סיסטעם" זיינען די אַרבייטער געצוואונגען געוועזען צו קויפען אַלצדינג אין די שאַפּס פון זייערע אויסבייטער, וואו מען האָט זיי פערקויפט די ערגסטע סחורות פאַר זייערע בלוטיג פערדינטע גראָשענס. די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען האָבען געפריידיגט דעם געזעצליכען וועג און ערקלעהרט, אַז דיזער שענדליכער סיסטעם קען נאָר אָב־געשאַפט ווערען דורך אַ בעשלוס פון'ם פּאַרלאַמענט, און דערפאַר זאָלען די אַרבייטער זעהען צו וועהלען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט אין די קאָרטעס.

די מיינערס האָבען אָבגעסטרייקט צוויי וואָכען צייט, דאַן האָבען זיי פערלאָרען די געדולד. די ארבייטער פון אַלע טריידס זיינען אַרויס אויף אַ גענעראַל־סטרייק, מען האָט צושטעהרט די פערבינדונגען מיט די מינען, צובראָכען די אינסטרומענטען און פּומפּען, און עס איז געוועזען אַ גע־פאַהר, אַז די מינען זאָלען אין גאַנצען איבערפלייצט ווע־רען פון וואַסער. אין דערזעלבער צייט האָבען די סטרייקערס צוגענומען די לעבענסמיטעל פון די מאַגאַזינען, ניט פערע־גענדיג צוערשט נאָך דעם פּרייז. אין פיער טעג צייט האָבען די קאַפּיטאַליסטען נאָכגעגעבען אַלע פאָדערונגען פון די אַרבייטער, און די אַרבייטער האָבען אין עטליכע טעג מעהר אויסגעפיהרט דורך דער דירעקטער אַקציאָן, ווי דער פּאַרלאַמענט אין צעהן יאָהר צייט.

אין טריעסט זיינען די הייצער פון די לאָאיד־סטימערס אַרויס אין סטרייק, אָבער זיי האָבען קיין זאַך ניט אויס־געפיהרט, ביז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער גענעראַל סטרייק און דער עקאָנאָמישער טעראָר. מען האָט פערזוכט צו צושטעהרען די געביידעס פון דער קאָמפּאַניע, אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר איז דערשאָסען געוואָרען פון אַן אינ־

בעקאַנטער האַנד, און אין צוויי טעג צייט האָבען די קאַ־פּיטאַליסטען אָנגענומען אַלע פאָדערונגען פון די אַרבייטער.

אין באקו האָט זיך אין 1905 געמאַכט אַ גרויסער סטרייק פון די אַרבייטער אין די נאַפטאַ־גריבער. די קאַ־פּיטאַליסטען האָבען זיך ענטזאַגט צו פערהאַנדלען מיט די סטרייקערס. די אַרבייטער האָבען דערפאַר אונטערגעצונדען 140 באָהר־טהירמער און זאָפאָרט האָבען די עקספּלאָ־אַטאַטאָרס אָנערקענט זייערע פאָדערונגען, דעם ניין שטונדען אַרבייטס טאָג, אַ מינימאַל־לוין און די בעצאָהלונג פון די ווייזשעס ווערענד דער צייט פון סטרייק.

אין ברעסט זיינען די דאָק־אַרבייטער אַרויס אין סטרייק. צוערשט האָט דער סטרייק געהאַט אַ פרידליכען כאַראַקטער, אָבער ווען די אַרבייטער האָבען געזעהן, אַז זיי וועלען קיין זאַך ניט דערגרייכען אויף אַזאַ אופן, האָ־בען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן אויף די שיפען און געוואָרפען די סחורות אין ים אַריין. אַנדערע האָבען אויפגעבראָכען די דעפאָס און מאַגאַזינען, אַרויסגעשלעפט די סחורות און זיי אַריינגעוואָרפען אין וואַסער. איידער די מיליטער איז אָנ־געקומען, האַבען זיי שוין אָבגעטהאָן זייער אַרבייט און די קאַפּיטאַליסטען האָבען געהאַט אַן אונגעהייערען פערלוסט. מו״א האָבענדיג, אַז די סטרייקערס וועלען אפשר אונטער־צינדען די דעפאָס, האָבען זיי באַלד איינגעגעבען און דער סטרייק האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיעג פון די אַרבייטער.

אין לוגאַנסק האָבען סטרייקענדע קוילען־גרעבער געשטורמט די דינאַמיט־מאַגאַזינען און אַרויסגענומען פון דאָרטען עקספּלאָזיוו־שטאָפען. מיט עטליכע שטונדען שפּע־טער האָט זיך דער סטרייק געענדיגט און די אַרבייטער האָבע פון 26 פאָדערונגען געוואונען 22. — בלאַנקי האָט אַמאָל געזאָגט: „ווער עס האָט אייזען, האָט אויך ברויט!“ די לוגאַנסקער קוילען־גרעבער האָבען געדיינקט: ווער עס האָט דינאַמיט, געווינט דעם סטרייק! און זיי האָבען ווירק־ליך געוואונען.

דיזע וויינינע ביישפּילע געניגען, אום צו אילוסטרירען די מאַקטיק פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען סטרייק.

איינע פֿון די וויכטיגסטע אויפֿגאַבען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סטרייק־טאַקטיק איז צו פֿערהינדערן מיט אַלע מיטלען דעם פֿערקעהר פֿון די אייזען־באַהנען אין דער געגענד, וואו דער סטרייק געהט אָן, כדי מען זאָל ניט קענען שיקען קיין מיליטער און קיין סטרייק־ברעכער. אָט דערפֿאַר האָבען די אַרבייטער אין דער צייט פֿון אזעלכע סטרייקס זעהר אָפֿט צושטערט די אײזענבאַהן־רעלסען און די סיגנאַל־מאַשינען, איבערגעשניטען די טעלעגראַפֿען־דראָהטען א. ז. וו. אום אָבצושטעלען די פֿערבינדונגען צווישען די קאַפּיטאַליסטען און רעגירונגס־אָרגאַנען.

און ווען די אַרבייטער זיינען אין דערזעלבער צייט אימשטאַנד געוועזען אונטערצוצינדען די קוילען־סקלאַדען פֿון די קאַפּיטאַליסטען, דאַן איז דער סטרייק שטענדיג געוועזען אַ זיעגרייכער.

דער רעוואָלוציאָנערער סטרייק זעצט ניט זיין גאַנצע האָפֿנונג אויף געלד. דיזע האָפֿנונג איז אַ דירעקטע געפֿאַהר, זי פֿערשלעפּט דעם קאַמפּף, שלעפֿערט איין די ענערגיע פֿון די אַרבייטער און פֿערהינדערט דעם ערפֿאָלג פֿון אַ סטרייק.

פֿיעל וויכטיגער און ניצליכער ווי געלד־אונטערשטיצונגען זיינען די זאָגענאַנטע סטרייק־קיכען, וועלכע זיינען אַלגעמיין בעקאַנט אין די ראָמאַנישע לענדער. אַ טהייל פֿון די סטרייקערס געהט אַרויס אין די דערפֿער צו די לאַנד־אַרבייטער און קלייבט צונויף נאַהרונגס־מיטעל, מילך, ברויט א. ז. וו. אין די קאָמוניסטישע סטרייק־קיכען ווערט אַלעס געמיינשאַפֿטליך געקאָכט און די סטרייקערס עסען צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמיליען.

אַ נייע טאַקטיק איז די זאָגענאַנטע אויסוואַנדערונג פֿון די קינדער, וועלכע מיר האָבען געזעהן ביי די גרויסע

סטרייקס אין ווערוויע, בעלגיען, און פּוּשער, פראנקרייך. כּדי די סטרייקערס זאָלען האָבען וויינינגער זאָרגען, אַפּע־לירען זיי צו זייערע קאַמעראַדען אין אַנדערע שטעדט, זיי זאָלען צונעהמען זייערע קינדער וועהרענד דער צייט פון סטרייק. צאָהלרייכע געווערקשאַפטען זיינען זאָפאָרט בערייט און מען אַראַנזשירט אַ גרויסאַרטיגען עמפּפאַנג פון די קינדער אין די אַרבייטער־בערזען. די קינדער זיינען פער־זאָרגט, די סטרייקערס זיינען פריי פון דיזער שרעקליכער פעראַנטוואָרטליכקייט און קענען זיך אויסשליסליך בעשעפ־טיגען מיט'ן קאַמפּף.

די רעוואָלוציאָנערע סטרייקס זיינען אויך דערפאַר מייסטענטהיילס ערפאָלגרייך, ווייל דורך די צושטעהרונג פון די מאַשינען און אַרבייטס־געצייג האָבען די קאַפּיטאַ־ליסטען קיין מעגליכקייט צו בעשעפטיגען סטרייק־ברעכער. דער סטרייק איז ערשט דאַן אַ פאָלשטענדיגער, ווען ניט נאָר דער אַרבייטער, נאָר אויך די מאַשינען הויבען אָן צו סטרייקען.

דיזע סטרייק־טאַקטיק האָט גועהאַט איהרע פּאָזיטיווע רעזולטאַטען אין רוסלאַנד אין די ראָמאַנישע לענדער. אין רוסלאַנד זיינען כּמעט אַלע סטרייקס געוואונען געוואָרען דורך דער דירעקטער אַקציאָן, און ווען מען פערגלייכט די סטאַטיסטיק פון די געוואונענע און פערלאָרענע סטרייקס אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, זעהען מיר, אַז די דייטשע אַרבייטער זיינען ווייט הינטערשטעליג הינטער די פראַנצויזען, אָבוואָהל זיי האָבען פולע קאַסען און מעהרער מיטגלידער אין די געווערקשאַפטען.

* * *

אָבער ווי אַזוי קומט עס, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער זיינען צום טראָץ פון אַלע ערפאַהרונגען די בי־טערסטע געגנער פון דעם רעוואָלוציאָנערען סטרייק און דער דירעקטער אַקציאָן און פריידיגען שטענדיג די אַלטע פרידליכע מעטהאָדען פון דעם לוין־קאַמפּף? דער ענטפער

אויך דיזע פֿראַגע איז זעהר לייכט. איינפֿאַך דערפֿאַר, ווייל די אינטערעסען פֿון די אָפֿיציעלע פּאַרטיי־פֿיהרער, דעפּוטאַטען און געווערקשאַפֿטס־בעאַמטע זיינען ניט די אינטערעסען פֿון די אַרבייטער.

דיזע אונגעהייערע אַרמעע פֿון אָפֿיציעלע אַרבייטער־פֿיהרער, געווערקשאַפֿטס־בעאַמטע, פּאַרטיי־רעדאַקטאָרס א. ז. וו. האָט די גאַנצע פֿערוואַלטונג און אָרגאַניזאַציאָן פֿון די אַרבייטער אין זייערע הענד, ז׳ פֿאַבריצירט די עפֿענטליכע מיינונג אין די אָרגאַניזאַציאָנען און האָט נאָר איין אינטערעסע: צו שאַפֿען וואָס גרעסערע פֿאָנדס, כדי מען זאָל בעסער בעצאָהלען די בעאַמטע. די רעוואָלוציאָנערע סטרייקס, מזען, פֿערשטעהט זיך, אַרויסרופֿען פֿערפֿאָלגונגען און דאָס וואָלט געהייסען פֿאַר דיזע הערען צו פֿערלירען אַ גוטע שטעלונג, פֿאָלגליך בעקעמפֿפֿען זיי די רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק.

דיזע מענשען פֿאָרמירען אַ גאַנץ בעזונדערע קלאַסע. עס זיינען קליינע בורזשואַס, וועלכע האָבען לאַנג פֿערגעסען אין די ליידען און שמערצען פֿון די פּראָלעטאַריער. זיי האָבען צו פֿערלירען אַלעס, ווען די אַרבייטער האָבען קיין זאַך ניט צו פֿערלירען. די פּסיכאָלאָגיע פֿון דיזע הערען איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי די פֿון דעם אַרבייטער, און דערפֿאַר זוכען זיי שטענדיג צו פֿערשלעפּען דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פֿון די מאַסען און צו פֿערהינדערן אַלע ערנסטע קעמפּפֿע, ווייל דאָס איז פֿאַר זייערע אינטערעסען. די אַרבייטער אָבער האָבען גאַנץ אַנדערע אינטערעסען, זייערע פֿאָדערונגען קענען נאָר אויסגעפֿיהרט ווערען דורך דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמפּף, די דירעקטע אַקציאָן. דיזע געדאַנקען האָט דער געניאַלער עמיל האַנרי שוין אויסגעשפּראָכען מיט 14 יאָהר צוריק, איידער זיין קאָפּ איז געפֿאַלען אונטער דעם מעסער פֿון דער גילאָטינע.

* * *

מאַנכעס מאָל הערט מען אויך „פּרינציפּיעלע" אַ־גור־
מענטע געגען דעם עקאָנאָמישען טעראָר מען ערקלעהרט,
אַז דאָס איז געווען די מעטהאָדע פון די אונוויסענדע אַרבייטער
מיט 60 יאָהר צוריק, וועלכע האָבען געזעהן אין דער
מאַשינע אַ געפעהרליכען קאָנקורענט.

וואָס אָנבעלאַנגט די קולטור, ענטפערן די אַרבייטער,
אַז זיי שפּייען איינפאַך אויף איהר, דערפאַר וואַס זי עק־
זיסטירט נאָר פאַר זייערע אויסבייטער, פאַר די אַלע
פּאַראַזיטען, וועלכע לעבען אויף די קאָסטען פון די פּראָ־
לעטאַריער, וועלכע שטאַרבען אַליין פון הונגער, עלענד
און שווינדזוכט. אַזאַ קולטור האָט פאַר די אַרבייטער זיכער
קיין ווערטה נימ.

אָבער ווען מיר רעדען פון דער צושטערונג פון געוויסע
פּראָדוקציאָנס־מיטעל, דאַן איז דאָס נימ אונזער ציעל, אַזוי
ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די אונוויסענדע אַרבייטער
מיט 60 יאָהר צוריק, זאָנדערן נאָר אַ מיטעל צום ציעל.
אין דער מלחמה צושטערט דער פיינד אַ וויכטיגע פעסטונג,
כדי צו עראָבערן דעם פּלאַץ, און נאָכדעם בויט ער איהר
ווידער אויף. אָט דאָסזעלבע איז אויך דער פאַל מיט דער
צושטעהרונג פון מאַשינען א. ז. וו. עס איז אַ קריעגס־מי־
טעל, דאָס איז אַלעס.

אָבער די קאָנסעקווענצען, שרייען די זאָגענאַנטע
אַרבייטער־פיהרער. אַרבייטער קענען פערלירען זייערע
לעבענס אָדער אַרעסטירט און פעראורטהיילט ווערען. פאַר
דעם מאָדערנען אַרבייטער איז די גאַנצע וועלט אַ געפענגנים.
ער פערברייננט זיין בעסטע צייט אין די קערקערס פון
דער אינדוסטריע, און זיין וואוינונג איז מייסטענטהייל אויך
נימ בעסער ווי אַ צעלע אין אַ געפענגנים. און סטראַשעט
נימ דער טויט דעם אַרבייטער יעדען מאָמענט? יעדען
אויגענבליק קען ער אַראָבפאלען פון אַ דאַך, פערשאָטען
ווערען אין די מינען, פערגיפטעט ווערען אין אַ כעמישער
פאַבריק אָדער צוריסען ווערען דורך די עקספּלאָזיאָן פון אַ

קעסעל. מיליאָנען פּראָלעטאַריער שטאַרבען פֿאַר דער צייט דורך הונגער, שווינדזוכט און אַנדערע פּראָלעטאַריער־קראַנקהייטען. אַנדערע ווערען פֿערקריפּעלט פֿאַר זייער גאַנצעס לעבען.

מעהר האָבען די אַרבייטער אויך ניט צו ריזיקירען אין די רעוואָלוציאָנערע סטרייקס; און דאָ ריזיקירען זיי אַם ווייניגסטען זייער לעבען פֿאַר זייער בעפֿרייאונג, און ניט פֿאַר דעם פּראָפֿיט פֿון זייערע אויסבייטער. עס גיט ניט קיין אַנדער מיטעל. געהאָרכזאַמקייט און געזעצליכקייט וועלען אונז קיינמאָל ניט בעפֿרייען פֿון דער שקלאַפֿעריי, נאָר דער קאַמפּף, די טהאַט וועלען אונז פֿיהרען צום זיעג.

IV.

## סאַבאָטאַזש — גאָ־קעני — אָבסטרוקציאָניזם

אַן אַנדערע זעהר ערפֿאָלגרייכע קאַמפּף־מעטהאָדע פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז אויך „אונגעזעצליך” אָבער ווייניגער געפֿעהרליך פֿון דעם עקאָנאָמישען טעראָר, איז די סאַבאָטאַזש. עס גיט פֿערשידענע זאָרטען פֿון סאַבאָטאַזש, נאָר אין אַלגעמיין פֿערשטעהט מען אונטער דיזעם וואָרט אַ בעשעדיגונג פֿון דעם אייגענטהום, דעם מאַטעריאַל און די פּראָדוקציאָנס־מיטעל פֿון דעם פֿאַבריקאַנט; אָבער ניט בלויז אין דער צייט פֿון סטרייק, נאָר פּונקט אין אַזעלכע פֿעלע, ווען אַ סטרייק איז אונמעגליך; ד. ה. ווען די אַרבייטער פֿיהלען זיך ניט גענוג שטאַרק צו סטרייקען.

* *
*

אַן עהנליכע אידעע ווי די סאַבאָטאַזש, וועלכע מיר וועלען שפּעטער נאָך אויספֿיהרליך בעהאַנדלען, איז דער ענגלישער „גאָ־קעני”, וועלכער איז נאָך ווייניגער אונגעזעצליך. אונטער „גאָ־קעני” פֿערשטעהען מיר די אַבזיכט וואָס ווייניגער צו אַרבייטען, עס האַנדעלט זיך אַלזאָ אום אַ מיטעל,

וועלכעס קען נאָר אָנגעווענדעט ווערען פֿון טאָג־און וואָכען־אַרבייט.

דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער דאַרף צאָהלען דעם פֿולען לוין און בעקומט דערפֿאַר נאָר אַ העלפֿט פֿון דער געוועהנ־ליכער אַרבייט, האָט אַ גרויסען שאָדען, ווייל דאָס קאַפּיטאַל פֿאַר די מאַשינען א. ז. וו. בלייבט דאָסזעלבע, די קאָסטען פֿאַר דער פֿערוואַלטונג, די בעאַמטע און די פּראָצענטען פֿאַר דעם קאַפּיטאַל בלייבען אויך דיזעלבע, צו מען אַרבייט פֿיעל אָדער ווייניג. ווען דער פֿאַבריקאַנט בעצאָהלט אַ דאָפּעלטען לוין און בעקומט דערפֿאַר צווייטמאָל אַזוי פֿיעל אַרבייט, מיינט דאָס פֿאַר איהם אַ גוטער פּראָפֿיט, ווייל דאָסזעלבע קאַפּיטאַל ברייגנט איהם אַריין אַ גרעסערן גע־ווין, דורך דעם וואָס ער איז אימשטאַנד מעהר צו פּראָדוצירען.

דער „גאָ־קעני" קען אָבער אויך אָנגעווענדעט ווערען ביי שטיק־אַרבייט, ווען די אַרבייטער מאַכען די אַרבייט אַזוי שלעכט ווי נאָר מעגליך; ד. ה. אויסערליך דאַרף אַלצ־דינג אויסזעהן ווי עס דאַרף זיין, אָבער ווען דער קויפֿער וויל זיך בענוצען מיט דעם פּראָדוקט, זעהט ער דעם שאַ־דען, ער געהט רעקלאַמירען ביי דעם פֿאַבריקאַנט אָדער גיט איהם אין גאַנצען מעהר קיין אַרבייט.

ס'איז דער אַלטער און גערעכטער פּרינציפּ פֿון די מוזיקאַנטען: „ווייניג געלד, ווייניג מוזיק! שלעכטער לוין, שלעכטע מוזיק!" אויף אַזאַ מין אַרט ווערט דער קאַפּיטאַ־ליסט מעהר געשעדיגט ווי דורך פֿרידליכע סטרייקס, און ווייל ער האָט צו קעמפּפֿען געגען אַן אונזעהבאַרע מאַכט, איז ער אָפֿטמאָל געצוואונגען באַלד איינצוגעבען.

* * *

נאָך אַ מיטעל פֿון דער דירעקטער אַקציאָן, וועלכעס איז אין דער לעצטער צייט געוועזען זעהר ערפֿאָלגרייך, איז דער אָבסטרוקציאָניזם. דיזעס מיטעל אייגענט זיך הויפּט־זעכליך פֿאַר אַלע סאָרטען פֿון טראַנספּאָרט־אַרבייטער, פֿאַר די אַרבייטער פֿון די אייזענבאַהנען, טראַמוויים, שיפֿען, פּאָסט,

טעלעגראַפֿען און האַפֿענס, ווי אויך פֿאַר די אַרבייטער, וועלכע זיינען בעשעפֿטיגט ביי די גרויסע טאָגעס-צייטונגען און אין אַלע אינדוסטריען, וואו יעדע פֿערשפּעטיגונג איז פֿערבונדען מיט אַ גרויסען שאָדען פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסט. דער אָבסטרוקציאָניזם איז עהנליך צו דעם „גאָ-קעני", נאָר איז דער שאָדען, וועלכען ער פֿערורזאַכט, פֿיעל בעדייטענדער; ער רופֿט אַרויס געוואַלטיגע שטערונגען אין דעם עפֿענטליכען פֿערקעהר, און די קאַפּיטאַליסטען ווי אויך דאָס אַלגעמיינע פובליקום, זיינען ביידע פֿעראינטערעסירט, דאָס אַ קאָנפֿליקט זאָל זיך ענדיגען וואָס גיכער.

שטעלט זיך בלויז פֿאָר, וואָס די אַרבייטער קענען אויפֿטהאָן, ווען זיי פֿערורזאַכען, דאָס אַלע ציגע געהען אָב מיט צוויי אָדער דריי שטונדען צו שפּעט; דער פֿאַהר-פּלאַן מוז איבערגעענדערט ווערען און דער גאַנצער אייזענבאַהן-פֿערקעהר איז אין אַ שטענדיגער געפֿאַהר; אָדער ווען די דאָקערס אַרבייטען אַזוי לאַנגזאַם, אַז די שיפֿען מוזען ליעגען מיט עטליכע טעג לענגער אין די דאָקס און בעצאָהלען די האַפֿען-שטייער; אָדער ווען די פּאָסט, טעלעגראַמען און געלד-זענדונגען פֿערשפּעטיגען זיך מיט עטליכע טעג; אָדער ווען די גרויסע מאַגאַזינען בעקומען די סחורות צו שפּעט, ווען די רעסטאָראַנטען און שיינקען בעקומען דאָס ביער פֿון די ברויעריען מיט אַ טאָג שפּעטער, וועלכעס זיי האָבען ספּעציעל בעשטעלט פֿאַר אַ גרויסע אונטערנעהמונג; אָדער ווען די זעצער און דרוקער פֿון אַ גרויסער טעגליכער צייטונג קומען פּרינציפּיעל צו שפּעט צו דער אַרבייט און די צייטונג קען ניט אַרויסגעהן אין דער רעכטער צייט.

אין 1905 האָבען אונז די איטאַליענישע אייזענבאַהן-אַרבייטער געגעבען אַזאַ ביישפּיעל. זיי האָבען גענוי נאָכגעפֿאָלגט די אַלע אַלטע רעגלען און בעשטימונגען, וועלכע עקזיסטירען מייסטענטהיילס נאָר אין דער טהעאָריע, גענוי אונטערזוכט יעדעס שרייפֿעלע, יעדעס רעדעלע און פֿערהינדערט דאַדורך דעם רעגעלמעסיגען פֿערקעהר פֿון די

אייזענבאַהנען אין גאַנץ איטאַליען. דורך דיזע טאַקטיק האָבען זיי אַרויסגערופֿען דעם שטורץ פֿון דעם מיניסטעריום דזשאָליטי.

דיזע טאַקטיק איז אין דערזעלבער צייט אויסגעצייכענט פֿאַר די זעלבסטשטענדיגע טהעטיגקייט פֿון דעם אַרבייטער. דער איינצעלנער מענש האָט פֿאַר זיך אַ ברייטעס פֿעלד פֿאַר דער פּערזענליכער איניציאַטיווע אָנשטאָט זיך צו פֿערלאָזען אויף די טהעטיגקייט פֿון איינ.גע פֿיהרער.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטען אין איטאַליען האָבען דאַ: אָנגענומען אַ פֿייגע און דירעקט פֿיינדליכע שטעלונג געגען די אייזענבאַהן-אַרבייטער, וועלכע האָבען געקעמפּפֿט פֿאַר זייער אָרגאַניזאַציאָנס־רעכט, און אַפילו סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אויסלענדישע בלעטער, ווי צ. ב. ש. די „וויענער אַרבייטער-צייטונג" האָבען קריטיקירט זייערע קאָלעגען אין איטאַליען.

דער אָבסטרוקציאָניזם איז אויך גינסטיג פֿאַר דעם אַרבייטער, דערפֿאַר ווייל ער קען איהם ניט ברייגגען קיין גרויסען מאַטעריעלען שאָדען און איז אין דערזעלבער צייט אויך ניט געפֿעהרליך, וועהרענד די קאַפּיטאַליסטען האָבען אַ גרויסען שאָדען דורך דיזע טאַקטיק.

* *
*

איבער דעם באָיקאָט און דעם לייבעל ווילען מיר דאָ ניט פֿיעל רעדען, דערפֿאַר ווייל זיי זיינען ריין לעגאַלע מיטלען (דער באָיקאָט איז אין ענגלאַנד אונגעזעצליך. דער איבערזעצער). וואָס דאָס איז אַזוינס באָיקאָט, ווייס יעדער, און אין אַזעלכע לענדער, וואו עס עקזיסטירט אַ רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפֿטס-טאַקטיק, קען דאָס פּובליקום אָפֿטמאָל זעהר גוט אונטערשטיצען די סטרייקערס, אַטאַקירענדיג די מאַגאַזינען און שאָפּס, אַריינוואַרפֿענדיג „שטינק-באָמבען",*)

*) שטינק-באָמבען זיינען בעזונדערע כעמישע פּראָדוקטע, וועלכע מאַכען ניט אָן דעם קלענסטען שאָדען עקספּלאָדירענדיג, נאָר זיי פֿערורזאַכען אַ שרעקליכען געשטאַנק, אַז מענשען מוזען אַנטלויפֿען.
(דער איבערזעצער)

אום צו פֿערטרייבען די קונדען א. ז. וו. עס האָט זאָגאַר שוין געטראָפֿען, אַז מען האָט אונטערגעצונדען אַ שאָפּ און דורך דעם געצוואונגען דעם קאַפּיטאַליסט זיך אונטערצוגעבען.

דער לייבעל, וועלכער עקזיסטירט שוין לאַנג אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ, איז אויך אין פֿראַנקרייך איינגעפֿיהרט געוואָרען. עס איז אַ געדרוקטער צייכען, וועלכען די געווערקשאַפֿט גיט דעם פֿאַבריקאַנט צום אַרויפֿקלעפּען אויף זיין סחורה, כדי די אַרבייטער־קאָנסומענטען זאָלען וויסען, אַז דער קאַפּיטאַליסט אַנערקענט די בעדינגונגען פֿון דער געווערקשאַפֿט. ער איז אַלזאָ פּונקט דאָס געגענטהייל פֿון דעם באָיקאָט. נאָך אונזער מיינונג האָט דיזער מיטעל קיין גרויסע בעדייטונג.

* * *

לאָמיר זיך יעצט אַביסעל נעהנטער בעשעפֿטיגען מיט דעם וויכטיגסטען פֿון דיזע אַלע קאַמפּף־מיטעל, דער סאַבאָטאַזש. מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט, אַז עס גיט פֿערשידענע סאָרטען פֿון סאַבאָטאַזש: 1) אויסצובריינגען מאַטעריאַל און רוי־שטאָפֿען; 2) אַבזיכטליכע פֿאַבריקאַציאָן פֿון שלעכטע פּראָדוקטע; 3) פּלאַנמעסיגע און ביסלעכווייזע צושטעהרונג פֿון די אַרבייטס־געצייג און מאַשינען, אַז עס איז איבערהויפּט אונמעגליך אַרויסצוגעבען גוטע אַרבייט, 4) אין פּראַנקרייך רופֿט מען יעדע אַבזיכטליכע צושטעהרונג פֿון מאַטעריאַל און מאַשינען סאַבאָטאַזש. אָבער וויל מיר האָבען שוין פֿריהער בעהאַנדעלט דיזע טאַקטיק אונטער דעם נאָמען דער „עקאָנאָמישער טעראָר", אַט דערפֿאַר וועלען מיר נאָר די יעניגע האַנדלונגען רופֿען סאַבאָטאַזש, וועלכע ווערען אויסגעפֿיהרט ניט אין דער צייט פֿון אַ סטרייק, זאָנדערן ביי דער אַרבייט גופֿא, ווי באַלד עס מאַכט זיך אַ קאָנפֿליקט צווישען די אַרבייטער און דעם פֿאַבריקאַנט. אין אַזאַ פֿאַל האָט דער קאַפּיטאַליסט אַ שטענדיגען שאָדען, וועלכער פֿערקלענערט זיין געווין און ער איז ניט אימשטאַנד צו זעהן דעם פֿיינד, וועלכער שעדיגט איהם.

איבערהויפּט זיינען די פֿראַנצויזישע גענאָסען זעהר אינטעליגענט אין דיזער בעציהונג. לאָמיר ציטירען איינינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע ביישפּיעלע פֿון יעדער סאָרט:

1) אויסצובריינגען מאַטעריאַל: ווען די אַרבייטער פֿון די גאַז־און וואַסער-לייטונגען שניידען איבער אַסך רעהרען, און עס פֿאַלען אָב פֿיעלע רעסטען, וועלכע מען קען מעהר ניט פֿערווענדען.

ווען די עלעקטריקער צושניידען זעהר פֿיעל קופּער־דראָטען און אַנדערע טהייערע מאַטעריאַל. די הויפּטזאַך איז, אַז דאָס אַלעס מוז אַזוי געמאַכט ווערען, אַז דער קאַ-פּיטאַליסט קען קיינעם ניט מאַכען פֿעראַנטוואָרטליך.

דיזע מעטהאָדע לאָזט זיך אָנווענדען אין אַלע טריידס. עס איז אַ לייכטע זאַך אַרויסצושניידען פֿון אַ שטיק לעדער, וועלכעס איז בעשטימט פֿאַר צוויי פּאָר שיך, בלויז דריי און אַזוי, אַז די רעסטען האָבען אַבסאָלוט מעהר קיין ווערטה ניט. דאָסזעלבע קען געטהאָן ווערען אין דער שניידער-טרייד, איבערהויפּט ביי קאָנפֿעקציאָנס-אַרבייט.

אַ גוטען ביישפּיעל האָבען געגעבען די קעלנער אין די פֿראַנצויזישע ווייןאון קאַפֿע-הייזער, אום צו צווינגען זייערע עקספּלאָאַטאָרס איינצוגעבען. זיי האָבען איינגעגאָסען די געסט צווייטאָל אַזוי פֿיעל, ווי עס דאַרף צו זיין. דאָרט, וואו די קעלנער גיסען איין שנאַפּס און ליקער דירעקט פֿון די פֿלעשער, איז דאָס זעהר לייכט צו מאַכען. אַנדערע, וועלכע זיינען בעשעפֿטיגט געווען אין קעלער ביי די פֿעסער, האָבען צופֿעליגערווייזע פֿערגעסען צו פֿערדרעהן דעם קראַן פֿון פֿאַס, און עס איז ענטשטאַנען אַ קליינע איבערפֿלייצונג פֿון ווייַן אָדער ביער. נאָך אַ ביישפּיעל: ווען די פֿערקויפֿערס, וועלכע מעסטען אָב דעם שטאָף פֿאַר די קונדען, גיבען אָנ-שטאָט דריי יאַרד פֿיער, אָדער ווען זיי גיבען אַ „גוטע וואָג", ווען עס האַנדעלט זיך אום אַנדערע פּראָדוקטע. מיט איין וואָרט, די אַרבייטער דאַרפֿען מעהר ניט טהאָן, ווי ניט צו רעכטפֿערטיגען דעם צוטרוי פֿון דעם קאַפּיטאַליסט אויף

זייער דומע „עהרליכקייט", אין דערזועלבער צייט, ווען ער בעשווינדעלט זיי אליין.

ביי די מאָנאָטליכע אָברעכנונגען זעהט דער קאַפּיטאַליסט פלוצלונג, אַז זיין פּראָפיט האָט זיך שטאַרק פערקלענערט, אָדער ער האָט זאָגאַר נאָך צוגעלייגט. אַט אין דיזעס פּסי־כאָלאָגישען מאָמענט ערקלערען איהם די אַרבייטער, אייב־נייטיג, דורך אַ בריעף, אַז ווען ער וועט זיי בעצאָהלען אַ בעסערן לוין, וועלען זיי אין דער צוקונפט ווייטער זעהען צו האַנדלען פאַר זייערע אינטערעסען. אַזאַ טאַקטיק העלפט אָפּטמאָל זעהר שנעל.

2) אַבזיכטליכע פּראָדוקציאָן פון שלעכטע פּראָדוקטע.

אויך מיט דיזער מעטאָדע האָט מען שוין אויסגעפיהרט גאַנץ גוטע ערפאָלגע. און אין דערזועלבער צייט איז דיזע טאַקטיק גאָרנים אַזוי שווער. עס איז אַ קלייניגקייט צו פאַבריצירען אַזעלכע פּראָדוקטע, וועלכע זעהען אויסערליך אויס גאַנץ גוט, אָבער אין עטליכע טעג אָדער וואָכען אַרום צופאַלען זיי אויף שטיקלאַך.

איבערהויפּט דאָרטען, וואו דאָס פּראָדוקט געהט דורך פערשידענע הענד ווי אין די מייסטע גרויסע פאַבריקען איז דאָס זעהר לייכט אויסצופיהרען, און ווען יעדער אַרבייטער איז אַביסעל „נאַבלעסיג" דאַן געהט די זאַך ווי געשמירט.

אין דער מעטאַל־אינדוסטריע איז עס צ. ב. ש. פיעל לייכטער שלעכט צו לעטהען איידער גוט. מען נעהמט שלעכטע מאַטעריאַל, אָדער „מאַכט איהם אַליין שלעכט", אויף די שלעכטע פלעצער שמירט מען אַרויף פאַרב און אַלעם זעהט אויס, ווי עס דאַרף זיין. וואָס עס וועט זיין שפּעטער, דאָס איז ניט דעם אַרבייטער'ס זאַך.

די שריפטזעצער מאַכען אונצעהליגע דרוק־פעהלער און דער קאָרעקטאָר „בעמערקט עס ניט." אייב עס ניט נאָך אַנדערע אַרבייטער, וועלכע זיינען ניט גאַנץ זיכער, מישט מען זיי איבער די קאַסטענס שטילערהייט; מען שליסט די פאָרמען פונקט פערקעהרט, און דורך אַזעלכע „צופעליג־

קייטען" קען דער קאַפּיטאַליסט האָבען אַ גרויסען שאָדען.

די באַרבערס, וועלכע ווילען אויספֿיהרען צו אַרבייטען קירצערע שטונדען, מאַכען פֿריהער בעקאַנט דורך הענד־בילס און פֿערזאַמלונגען, אַז די קונדען זאָלען זיך ניט לאָזען ראַזירען ביז צו אַ בעשטימטער שטונדע, ווייל נאָך דעם זיינען די באַרבערס אַזוי מיעד און אויסגעאַרבייט, אַז זיי קענען מעהר ניט גוט ראַזירען. פֿיעלע ווערען באַלד פֿאָלגען דיזעס אַפּיל פֿון די אַרבייטער, און די, וואָס קעהרען ניט און קומען דאָך שפּעטער, ווערען עטליכע מאָל געשניטען ביים ראַזירען, אָדער די זייף שפּריצט זיי אַריין אין די אויגען א. ז. וו. אַז זיי ווערען ענדליך ביסלעכווייז אָנהויבען צו פֿערשטעהן, וואו דער הונד ליגט בעגראָבען.

די בעקער פֿערגעסען זיך עטליכע מאָל אַריינצוטהאָן זאַלץ אין דאָס טייג, אָדער אַן אַנדערסמאָל גיבען זיי אַריין „אַביסעל" צו פֿיעל. דער ברויט זעהט אויס גאַנץ גוט, נאָר קיינער קען איהם ניט עסען און מען ברייגגט איהם צוריק.

די צוקערניקעס האָבען פֿון צייט צו צייט „אַ טעות" און אָנשטאָט פֿון צוקער שיטען זיי אַרויף זאַלץ אויף די אלע שעהנע קוכען און נאַשערייען. דאָס שמעקט אַפילו ניט גוט, נאָר אַ טעות קען האָבען יעדער איינער.

די שניידער און שוסטער נעהען מיט אַזעלכע פֿאָדים, וועלכע האַלטען פֿעסט פֿון „היינט ביז מאָרגען". מיט אַביסעל שוועפֿעל־זייערע לאָזט זיך דאָס זעהר לייכט מאַכען, ווען דער „פּרעסער" אָדער „בלאָקער" שמירט אַרויף אַ ביסעל שוועפֿעל־זייערע אינעווייניג אויף יעדען ראָק אָדער אויף יעדע היטעל און מיט אַ וואָך שפּעטער ווערען זיי צופֿאַלען ווי שפּינוועבאַבץ. אויך אין דערטאַפּעציערער־אינדוסטריע האָבען די פֿראַנצויזישע גענאָסען פֿערשטאַנען גוט צו אַרבייטען מיט שוועפֿעל־זייערע אָדער וויטריאָל. מען שמירט אַרויף פֿון דעם שטאָף אויף די ספּרונדזשינעס פֿון די זאָפֿאַס און אַנדערע עהנ־ליכע מעבעל און זיי צוברעכען זיך מיט אַ קורצע צייט שפּעטער.

די מויערער און בוי־ארבייטער מאכען זייער ארבייט אזוי, אז מען דארף שפעטער יעדע וואך עפעס פערריכטען.

די בוכבינדער בעשניידען די ביכער ביז'ן דרוק.

די מעטאל־גיסער זעהען, אז עס זאלען איבערבלייבען וואס מעהר „בלאזען” אים גוס. יעדער גיסער ווייס, ווי מען מאכט דאס.

אין די כעמישע פאבריקען קען זיך לייכט מאכען אן אירטהום. מען גיסט צופעליגערווייזע אריין אבימעל שוועפעל־זייערע אין א געפעס, מיט דער פארב וועט זיך שוין קיינער מעהר בענוצען.

אזעלכע ביישפיעלע גיט עס נאך טויזענדע. אבער יעדער ארבייט פען אליין די שוואכע זייטען פון זיין אינדוסטריע, און עס איז א קלייניגקייט אויסצוגעפינען, ווי אזוי עס קען „טרעפען אן אונגליק”.

3) ביסלעכווייזע בעשעדיגונג פון די מאשינען, די ארבייטס־געצייג אדער די רוי־מאטעריאל פון דעם פאבריקאנט. אויך דיזע מעטהאדע האט געהאט גוטע ערפאלגען. דיזע טאקטיק איז אבער נאך גינסטיגער, דערפאר ווייל זי דארף ניט אנגעווענדעט ווערען פון אלע ארבייטער אין דער פאבריק, זאנדערן עס איז שוין פאלקאמען גענוג, ווען איינינע בענוצען זיך דערמיט און קעמפפען אויס בעסערע בעדינגונגען פאר זיך און אלע אנדערע.

עס טרעפט צ.ב.ש., אז עס ברעכט זיך ארויס א צאהן אדער א רעדעל אין א מאשין, און פלוצלונג שטעהט אלעס שטיל, ביז וואנען דער שאדען וועט זיין פערריכט. אדער מען ווארפט אריין פיינעס זאמד אין די עהל־קאנען, מיט וועלכע מען שמירט די מאשינען. דורך די בעוועגונג רייבט זיך דער זאמד אזוי שטארק, אז די וואלצען ווערען הייס און די מאשינען מוזען ווערען אבגעשטעלט. אויף אזא מין ארט געלינגט עס די פראנצויזישע ארבייטער מאנכעס מאל אבצושטעלען די מאשינען און פאלגליך די אלגעמיינע פראדוקציאן פאר א לענגערע צייט. עהנליכע עקספערימענטע קענען געמאכט

ווערען אין די עלעקטרישע פֿאַבריקען, איין פֿאַלשע בעוועגונג, און דער „אַנקער פֿון דעם מאָטאָר" ווערט פֿערברענט. די פֿאָלגע איז, אַז די אַרבייט שטעלט זיך אָב פֿאַר עטליכע שטונדען.

אין פֿיעלע פֿאַבריקען ווערען נאָך אַלץ גאַז-מאָטאָרען בענוצט. דער אייזערנער מאַנטעל פֿון דעם מאָטאָר מוז שטענדיג אָנגעפֿיילט ווערען מיט וואַסער, אום ער זאָל ניט ווערען פֿערברענט. ווען איינער דרעהט צו דעם קראַן פֿון דער וואַסער-לייטונג ווערט דער מאַנטעל פלוצלונג אַזוי הייס, דאָס אַלע מאַשינען זיינען געצוואונגען זיך אָבצושטעלען.

אין ביער-ברויערייען טרעפֿט עס צ. ב. ש. אַז עס פֿאַלט אַריין אַ פֿלאַש מיט פעטראָל אין איינעם פֿון די גרויסע קעסעל.

מיר האָבען אויך שוין געלעזען, דאָס אַרבייטער האָבען אָנגעוואָרפֿען גראָבען זאַמד אָדער קליינע שטיינער צווישען די צייהנער פֿון די מאַשינען-רעדער. פלוצלונג האָט עס אָנגעהויבען קראַכען, די צייהנער האָבען זיך אָבגעבראָכען, און דאָס אַנדערע קען זיך יעדער אַליין פֿאָרשטעלען. בעפֿאָר דעם גרויסען סטרייק אין באַרצעלאָנאָ (1902) האָבען די אַרבייטער אַריינגעוואָרפֿען גרויסע שטיקער זייף אין די דאַמפף-קעסעל. דורך דעם האָט זיך ענטוויקעלט אַ שטאַרקער קעסעל-שטיין, און מען איז געצוואונגען געווען צו רייניגען די קעסעל, אום ניט צו ריזיקירען אַן עקספּלאָזיאָן.

אין די וועבערייען האָט מען די שטריק פֿון די וועב-שטוהלען איינגעשמירט מיט שוועפֿעל-זייערע; און די ־תוצאה איז געווען פֿאַרטיג.

דיזע אַלע מיטלען פֿון דער „קליינער סאַבאָטאַזש" קענען אנגעווענדעט ווערען אין אַ צייט, ווען אַ סטרייק איז אונמעגליך, אָדער נאָך אַ פֿערלאָרענעם סטרייק.

די אַרבייטער קומען אַרויס מיט זייערע פֿאָדערונגען, דער פֿאַבריקאַנט איז ניט איינשטימיג, די אַרבייטער שטעלען זיך צוריק צו דער אַרבייט און ווענדען אָן סאַבאָטאַזש, מיט עטליכע וואָכען שפּעטער בעמערקט דער פֿאַבריקאַנט, אַז

עס איז עפעס פויל אים שטאאט פון דענעמארק. ער ווייס ניט וואס צו טהאן, דען ער קען ניט די פערראוזאבער פון זיין שאדען. ענדליך בעקוממט ער אן אנאנימען בריעף פון די ארבייטער, אין וועלכען מען ערקלעהרט איהם, אז ווען ער וועט נאכגעבען די פאדערונגען פון די ארבייטער, וועט אלצדינג ווידער געהן אזוי ווי געשמירט. אין די מייסטע אזעלכע פעלע גיט זיך דער קאפיטאליסט אונטער.

אין דער צייט פון דעם גרויסען אמסטערדאמער בעקער-סטרייק אין 1902, זיינען די בעסטע געגאסען געגאנגען ארבייטען אלס „סטרייק-ברעכער". די מייסטערט האבען זיי אנגענומען מיט פערגניגען. אבער די „סטרייק-ברעכער" האבען אנגעפיהרט א שרעקליכע סאבאטאזש. זיי האבען אריינגעבאקען אין ברויט שמיקער זייף, טויטע מייז, שוקעס און אנדערע אפעטיטליכע זאכען. די גאנצע בעפעלקערונג האט אנגעהויבען שרייען אויף די מייסטערס, וועלכע בעשעפטיגען אזעלכע שמוציגע סטרייק-ברעכערס, און דער סטרייק איז געוועזן א געוואונענער.

4) די גרויסע סאבאטאזש; דאס איז אייגענטליך ניט אנדערש ווי א פערשטארקערונג פון דער קליינער סאבאטאזש, וועלכע מיר האבען שוין פריהער אנגערופען מיט דעם נאמען „עקאנאמישער טעראר". ער ווערט נאר אנגעווענדעט אין דער צייט פון א סטרייק, ווען די ארבייטער זיינען געצוואונגען זיך צו פערטהיידיגען געגען סטרייקברעכער א.ז.וו.

אין אזעלכע פעלע זעהען די ארבייטער זיך צו פערניכטען, און דאס איז נאר מעגליך, ווען עס געלינגט זיי אבצושטעלען די מאשינען אדער דעם שמעלץ-אויוען, כדי דער פאבריקאנט זאל ניט קענען בעשעפטיגען קיין סטרייק-ברעכער.

אויך אין דיזער בעציהונג ווייס יעדער ארבייטער, וואס ער קען טהאן אין זיין אינדוסטריע, און עס איז אן אלטע געשיכטע, אז „דאס וואס הענד קענען אויפבויען, קענען אויך צושטערהרט ווערען דורך הענד."

מיר האָבען שוין פֿריהער ערקלעהרט, מיט וועלכע מיט־לען די קוילען-גרעבער האָבען זיך בענוצט. לאָמיר געבען נאָך עטליכע ביישפּיעלע.

אין די גרויסע אייזען-גיסערייען, האָבען סטרייקענדע אַרבייטער אַריינגעוואָרפֿען אין די גרויסע שמעלץ-אויווענס קאַלטע שטיקער שטאָהל. דער אויווען איז דורך דעם קאַלט געוואָרען און מען האָט איהם מעהר ניט געקענט בענוצען פֿאַר מאָנאַטען.

וועהרענד אַ גרויסען בעקער סטרייק האָבען די סטרייקערס אַריינגעגאָסען עטליכע ליטער פּעטראָל אין די באַק־אויווענס, און די ברויט, וואָס די סטרייק-ברעכער האָבען געבאַקען, האָט אַזוי געשמעקט מיט פּעטראָל, אַז מען איז געצוואונגען געווען אַרונטערצוגיסען דעם אויווען, ווען ניט וואָלט זיך פֿון די ברויט נאָך געהערט פּעטראָל מיט דריי מאָנאַטען שפּעטער.

אין דער צייט פֿון דעם גרויסען אייזענבאַהנער-סטרייק אין איטאַליען, האָבען אונזעהבאַרע הענד איינגעשמירט עטליכע הונדערט מעטער פֿון די רעלסען מיט גרינע זייף. ווען דער צוג איז אָנגעקומען, איז ער פּלוצלונג געבליבען שטעהען, ווייל די רעדער האָבען פֿערלאָרען די רייבונג און זיך געדרעהט מיט אונגעהייערע שנעלקייט אַרום זייערע אַקסען. ביי דעם טראַמוויי סטרייק אין שטוטגאַרט האָבען די סטרייקערס אַריינגעקלאַפּט הונדערטער שטיקער אייזען צווי-שען די רעלסען און דורך דעם אָבגעשטעלט דעם פֿערקעהר.

איבערהויפּט זיינען אַלע אַנהייגער פֿון דער דירעקטער אַקציאָן מיט דער מיינונג, אַז די וויכטיגסטע אַרבייט אין דער צייט פֿון אַ סטרייק, איז אָבשטעלען די אייזענבאַהנען, כדי מען זאָל ניט קענען שיקען קיין מיליטער און סטרייק־ברעכער אין די געגענד פֿון סטרייק. צו דיזעם צוועק האָ־בען זיי געשפּריינגט די בריקען, צושטעהרט די רעלסען אָדער די סיגנאַל־שייבען, און אָבגעשטעלט די פֿערבינדונגען.

די מיליטער בענוצט זיך מיט דיזעלבע מיטעל אין אַ צייט פֿון קריעג. אום אַראבצוואַרפֿען אַ צוג פֿון די רעל-

סען, שטעלען די סאָלדאַטען דעם איינען רעלס העכער פֿון דעם אַנדערן, און דער צוועק איז ערפֿילט.

ביי אַ סטרייק פֿון די פֿראַנצויזישע וואַלד-אַרבייטער האָבען די סטרייקערס אונטערגעצונדען אַ טהייל פֿון וואַלד. דאָס פֿייער שפּילט איבערהויפּט אַ וויכטיגע ראָלע אין רע-וואָלוציאָנערע סטרייקס. ווען די אירלענדער האָבען אָנגע-פֿיהרט זייער קאַמפּף געגען די ענגלישע לענדלאָרדס האָבען זיי זיך בענוצט מיט אַ גאַנץ בעזונדערן סאָרט פֿייער, וועל-כעס איז בעקאַנט אין דער געשיכטע אַלס דאָס „פֿעניער-פֿייער". ווייל די פֿעניער האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט עפֿענטליך אונטערצוצינדען הייזער, אַזוי ווי די סאָלדאַטען טהוען עס אין דער צייט פֿון מלחמה, האָבען זיי זיך בענוצט מיט אַ כעמישער מישונג. זיי האָבען גענומען ווייסען פֿאָס-פֿאָר און איהם אויפֿגעלייזט אין שוועפֿעלקוילען-שטאָף. ווי באַלד דיזע מישונג איז נאָר בעריהרט געוואָרען פֿון דער לופֿט, האָט עס אָנגעהויבען ברענען. אַנדערע האָבען זיך בענוצט מיט אַ מישונג פֿון פעטראָל און ספּירטוס אָדער טערפּענטין מיט שוועפֿעל-זייערע א. ז. וו.

אין אַלגעמיין איז דיזע מעטהאָדע גאָר ניט אַזוי שווער ווי מאַנכע שטעלען זיך פֿאָר; דען אַ זאַך לאָזט זיך פֿיעל גיכער צושטעהרען, איידער אויפֿבויען. אויסער דעם איז די מיליטער און פּאָליציי ניט אימשטאַנד צו בעשיצען אַלצדינג, און איניגע מוטהיגע, ענטשלאָסענע און איבערגעגעבענע קאַמעראַדען, וועלכע אַרבייטען מיט דער נייטיגער פֿאָרזיכ-טיגקייט, קענען אין דער צייט פֿון קאַמפּף זעהר פֿיעל אויפֿ-טהאָן פֿאַר דעם נוצען פֿון אַלע סטרייקערס.

# די דירעקטע אקציאן געגען דעם שטאאט.

## I.

### דער דירעקטער דרוק אויף די געזעצגעבונג.

אויך דער שטאַאַט, אויף וועלכען דאָס פֿאָלק האָט ביז אַהער אימער פֿערזובט צו ווירקען אונדירעקט דורך זיינע פֿערטרעטער, איז שוין אָפֿט געצוואונגען געווען איינצוגעבען געוויסע פֿאָדערונגען אונטער דעם דרוק פֿון דער דירעקטער אַקציאָן.

אמת, די מייסטע פֿון דיזע דירעקטע קעמפֿע, ווי צ. ב. ש. גרויסע דעמאָנסטראַציאָנען, פּאָליטישע מאַסען־סטרייקס א. ז. וו. האָבען נאָר געהאַט אַן אונדירעקטען ציעל, ווי צ.ב.ש. די עראָבערונג פֿון דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט, דורך וועלכעס מען גלויבט שפּעטער צו קענען אויספֿיהרען די נייטיגע רעפֿאָרמען. נאָר פֿון דעסטוועגען גיט עס אויך מאַנכע פֿעלע, וואו די אַרבייטער האָבען געהאַט דירעקטע ערפֿאָלגע אין זייער קאַמפּף געגען דעם שטאַאַט.

פֿערשטעהט זיך, ווען מיך רעדען פֿון אַ דירעקטער אַקציאָן, אַ דירעקטען דרוק אויף די געזעצגעבונג, מיינען מיר נים אויסצוקעמפּפֿען זאָגענאַנטע אַרבייטער־שוץ געזעצע, ווייל די ערפֿאַהרונג האָט אונז געלערנט, אַז דיזע געזעצע האָבען ניט דעם קלענסטען ווערט, אַזוי לאַנג ווי די אַרבייטער זיינען נים אַליין אימשטאַנד אויפֿצוהאַלטען געוויסע פֿערבע־סערונגען. און פֿאַר דאָס, וואָס מען קען נאָר אויפֿהאַלטען דורך אייגענע קראַפֿט, דאַרף מען ניט קיין געזעצליכע בע־שטעטיגונג.

וועהרענד די דירעקטע אַקציאָן געגען דעם פֿאַבריקאַנט האָט דעם צוועק איסצוקעמפּפֿען בעסערע לעבענס-בעדינ- גונגען פֿאַר די אַרבייטער, האָט די דירעקטע אַקציאָן געגען דעם שטאַאַט אויסשליסליך דעם צוועק צו קעמפּפֿען געגען רעאַקציאָנערע געזעצע און מאַסרעגלען, וועלכע זיינען אַ הינדערניס פֿאַר דער אַרבייטער-בעוועגונג.

אויף אַזאַ מין אַרט האָט עס די פֿראַנצויזישע אַרבייטער געלונגען אויסצופֿיהרען דורך דער דירעקטער רעוואָלוציאָנערער אַקציאָן די אָבשאַפֿונג פֿון די פֿערהאַסטע אַרבייט-פֿערמיט- לונגס ביוראָס, דורך וועלכע די אַרבייטער זיינען אויף דעם שענדליכסטען אופֿן אויסגעביימעט געוואָרען. פֿאָלגליך זיינען די פֿאַבריקאַנטען היינט מעהר געצוואונגען צו ווענדען זיך צו די אַרבייטער-בערזען וועגען אַרבייטער.

דורך ווייטערע ענערגישע דעמאָנסטראַציאָנען און דראָ- הונגען האָט עס די רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפֿטען אין פֿראַנקרייך אויך געלונגען אויסצופֿיהרען, אַז די רעגירונג האָט צוריקגעצויגען דעם רעאַקציאָנערן געזעץ-פֿאָרשלאַג פֿון מילעראַן, וועלכער האָט געוואָלט איינפֿיהרען זאָגענאַנטע שיעדענס-געריכטע, אום צו רעגולען די קאָנפֿליקטען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט. ווען דיזעס געזעץ וואָלט אָנגענומען געוואָרען, וואָלט יעדער אַרבייטער, וועלכער וואָלט אַרויס אין אַ סטרייק, ניט קוקענדיג אויף דעם בעשלוס פֿון דעם שיעדענס- געריכט, געדאַרפֿט ריזיקירען, אַז מען זאָל איהם אַריינזעצען אין געפֿענגניס.

אונזערע לעגאַליטעטס-פֿאַנאַטיקער בעהויפּטען שטענדיג, אַז מען דאַרף קיין זאַך ניט טהאָן, וועלכע איז ניט געזעצליך ערלויבט. אָבער די ערפֿאַהרונג צייגט אונז, אַז אַלעס, וואָס איז יעצט געזעצליך, איז פֿריהער געווען אונגעזעצליך. אַ ביישפּיעל גיט אונז די געשיכטע פֿון די פֿראַנצויזישע גע- ווערקשאַפֿטען. זייער עקזיסטענץ איז ערשט אין 1881 געזעצליך אַנערקענט געוואָרען, אָבער טראָץ דעם האָבען זיי שוין עקזיסטירט פֿיעל פֿריהער, ניט קוקענדיג אויף דאָס

געזעץ. די אַרבייטער האָבען זיך איינפֿאַך דירעקט גענומען זייער רעכט. אַן עהנליכע ערשיינונג זעהען מיר יעצט, ווען די פֿראַנצויזישע רעפובליק וויל ניט ערלויבען, אַז די בעאַמטע און אַרבייטער, וועלכע זיינען בעשעפֿטיגט פֿון'ם שטאַאַט, זאָלען זיך אָרגאַניזירען. טראָץ דעם עקזיסטירט אַ שטאַרקע געווערקשאַפֿט פֿון דיזע בעאַמטע און אַרבייטער, און די רעגירונג קען קיין זאַך ניט טהאָן. אַזאַ טאַקטיק איז בעסער ווי אַלע פעטיציעס אין פּאַרלאַמענט. אויך אין רוסלאַנד און פוילען האָבען מיר וועהרענד דער לעצטער צייט געזעהן איניגע אַזעלכע ביישפּיעלע. נאָך דעם לעצטען זיעג פֿון דער רעאַקציאָן האָט די רוסישע רעגירונג פֿערזוכט צו אונטערדריקען די פוילישע שפּראַכע אין פוילען גופא. נאָר פלוצלונג האָבען אַלע אייזענבאַהנער און דאָס פּובליקום אָנגעהויבען ריידען פויליש צו די בעאַמטע און אויפֿזועהער, און אַזוי איז די רעגירונג דורכגעפֿאַלען מיט איהר פֿערזוך.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער פֿאַקט איז, ווי אַזוי די רוסישע אַרבייטער האָבען אָבגעשאַפֿט די צענזור. „וועהרענד וויטע און זיינע בעאַמטע האָבען פֿערזוכט אויסצואַרבייטען אַ געזעץ וועגען דער פּרעסע, האָבען די רוסישע אַרבייטער-דעלעגאַטען אַם 3טען נאָוועמבער 1905 איינפֿאַך איינגעפֿיהרט די פּרעספֿרייהייט. אין זייער קאָרעספּאָנדענץ-בלאַט האָבען זיי פֿעראָפֿענטליכט די פֿאָלגענדע ערקלעהרונג: ווען פֿון מאָרגען אָן אַ הערויסגעבער פֿון אַ צייטונג, וועט שיקען דעם צענזאָר זיין בלאַט, איידער עס איז אַרויס פֿון דרוקעריי, וועלען מיר קאָנפֿיסקירען אַלע נומערן אין גאַס, מיר וועלען אויפֿפֿאָדערן די דרוקער צו פֿערלאָזען די דרוקערייען — — —; און ווען זיי וועלען אונז ניט פֿאָלגען, וועלען מיר איינפֿאַך צושטעהרען די דרוק-מאַשינען."

באַלד דערנאָך איז דערזעלבער בעשלוס אויסגעפֿיהרט געוואָרען אין מאָסקוואַ פֿאַר ביכער און בראָשורען. (קראָפּאָטקין, טאַן נואוואָ 2. דעצעמבער 1905).

יעדעס געזעץ איז אַ בעשריינקונג פֿון דער פֿרייהייט,

און די אָבשאַפֿונג פֿון אַ געזעץ איז אַ טריט נעהנטער צור פֿרייהייט און אַ בעשריינקונג פֿון דער שטאַאַטליכער מאַכט. דורך דער דירעקטער אַקציאָן האָט דער אַרבייטער די איינציגע מעגליכקייט צו בעקעמפּפֿען דעם שטאַאַט און אַרויסצורייסען פֿון איהם געוויסע רעכטע. וועהרענד די פֿיהרער פֿון דער אַרבייטערשאַפֿט ברייננען אויס זייער צייט מיט פּאָליטישע שטרייטיגקייטען און געוועהנליכע געשעפֿטען, פֿעראייניגט זיך דאָס גאַנצע פּראָלעטאַריאַט סאָלידאַריש, אום אָנצופֿיהרען דעם דירעקטען קאַמפּף געגען דעם קאַפּיטאַליזם און זיין פֿערטהיידיגער, דעם שטאַאַט.

* * *

## II.

## די דירעקטע אַקציאָן געגען דעם מיליטאַריזם.

דער שרעקליכסטער פֿיינד פֿון'ם פּראָלעטאַריאַט און זיינע שטרעבונגען איז זיכער דער מיליטאַריזם. זיין הויפּט צוועק איז די אונטערדריקונג פֿון'ם „אינערליכען פֿיינד", די אַרבייטער.

אָבער זאָגאַר אַלע מלחמות געגען דעם „אויסערליכען פֿיינד" זיינען ניט מעהר ווי פֿינאַנציעלע אונטערנעהמונגען פֿון די קאַפּיטאַליסטען, טראָץ די פּאַטריאָטישע בעפּוצונגען. ביי דעם קריעג אין זיד-אַפֿריקאַ איז געווען דער איינציגער מאָטיוו צו ערָאָבערן די גאָלד-גריבער פֿון טראַנסוואַל פֿאַר איינגע ענגלישע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען צולעצט אַרויסגעטריבען די ווייסע אַרבייטער און אַריינגעפֿיהרט כינעזער קולים. דאָסועלבע האָבען מיר געזעהן ביי דעם קריעג צווישען יאַפּאַן און רוסלאַנד און ביי די יעצטיגע רויבערייען אין מאַראָקאָ.

איבעראַל דאַרף דער פּראָלעטאַריער אָפּפֿערן זיין בלוט און לעבען פֿאַר איניגע „העכערע" פּאַראַזיטען, וועלכע

ווילען פֿערניכטען עטליכע אויסלענדישע קאָנקורענטען. די בורזשואַזיע געווינט ביי יעדען קריעג, צי ער ענדיגט זיך מיט אַ זיעג, צי מיט אַ מפּלה. אָבער דער אַרביימער פֿער־לירט שטענדיג, און דורך אַ „זיעגרייכען" קריעג פֿערלירט ער נאָך מעהר, ווייל דער זיעג פֿערגרעסערט דעם פּאַטריאָ־טיזמוס פֿון די אידיאָטען, ער מאַכט די רעאַקציאָן שטאַרקער און אונפֿערשעממטער און פֿערלענגערט די צייט פֿון דער שקלאַפֿעריי...

ווי עס ווייזט אויס, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נאָך אַלץ ניט בעגריפֿען דיזע עלעמענטאַרע פּראָלעטאַריער-וואַהר־הייט, דען זי מאַכט נאָך אימער אַן אונטערשייד צווישען זאָגענאַנטע עראָבערונגס-קריעגע און פֿערטהיידיגונגס־קריעגע, אַ בעווייז, אַז זי האָט זיך אַליין נאָך ניט בעפֿרייט פֿון דעם בורזשואַזען פּאַטריאָטיזם. אָט דערפֿאַר בעקעמפּפֿט זי אויך די אַנטי־פּאַטריאָטישע בעוועגונג, וועלכע ערקלעהרט, אַז דער פּראָלעטאַריער האָט קיין זאַך ניט צו פֿערטהיידיגען, דערפֿאַר וואָס ער האָט ניט קיין פֿאָטערלאַנד. אויב דער אַרבייטער דאַרף ווירקליך אָפּפֿערן זיין לעבען, דאַרף ער עס טהאָן פֿאַר גאַנץ אַנדערע אידעאַלע, אָבער זיכער ניט פֿאַר דעם געשעפֿטס־פּאַטריאָטיזם פֿון די קאַפּיטאַליסטען.

דער מיליטאַריזם איז אַלזאָ אין יעדער בעציהונג אַ פֿיינד פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און אַ װערקצייג פֿון די קאַ־פּיטאַליסטען. ביי יעדעם סטרייק זעהען מיר, אַז די אַרמעע בעשיצט דעם קאַפּיטאַליסט, אויב עס מאַכט זיך נאָר די קלענסטע געפֿאַהר פֿאַר דאָס אייגענטהום, אפילו ווען מען דיינקט נאָר, אַז עס קען זיך מאַכען אַ געפֿאַהר. מיר האָ־בען זאָגאַר שוין געזעהן, אַז מיליטער האָט געשאָסען אויף סטרייקענדע אַרבייטער, וועלכע האָבען מעהר ניט געפֿאָדערט, ווי די קאַפּיטאַליסטען זאָלען האַלטען די בעשטימונגען פֿון די זאָגענאַנטע אַרבייטער־שוץ געזעצע. — אין וויפֿיעל טוי־זענדער סטרייקס זיינען אַרבייטער שוין ערמאָרדעט געוואָרען פֿון די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען אויך ניט מעהר ווי פּראָ־

לעטאַריער, נאָר דורך דעם קאַפּיטאַליסטישען פּאַטריאָטיזם און די אייזערנע דיסציפּלין האָט מען זיי אויף אַזוי פֿיעל פֿערבלענדעט, אַז זיי זיינען געוואָרען די מערדער פֿון זייערע אייגענע ברידער און עלטערן.

די פּראָלעטאַריער פֿון יענע לענדער, וואו עס גיט אַ רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפֿטס-בעוועגונג, האָבען דאָס גוט פֿערשטאַנען, און דערפֿאַר בעקעמפֿען זיי דירעקט דעם מיליטאַריזם אָנשטאָט מיט דעם שטים-צעטעל.

די דירעקטע אַקציאָן פֿון די רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפֿטען געגען דעם מיליטאַריזם אונטערשיידעט זיך זעהר שטאַרק פֿון דער אונדירעקטער אַקציאָן פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרלאַמענטאַריער און געווערקשאַפֿטס-פֿיהרער. דיזע הערריען בענוגען זיך מיט שעהנע ערקלעהרונגען אין די פּאַרלאַמענטען, אין בעסטען פֿאַל פֿערווייגערן זיי דעם בודזשעט, וועלכער ווערט אָבער טראָץ דעם אָנגענומען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט פֿון די איבעריגע פּאַרטייען. „זעהט צו וועהלען וואָס מעהר סאָציאַל-דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטען, און דאַן וועלען מיר שוין פֿאַרטיג ווערען מיט דעם מיליטאַריזם", אַזוי פֿערזיכערט מען די אַרבייטער. די עסטרייכישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט זאָגאַר ערקלעהרט אין אַ בעזונדערער בראָשורע, אַז נאָר דורך דאָס אַלגעמיינע שטים-רעכט און סאָציאַל-דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטען, קען מען פּטור ווערען פֿון'ם מיליטאַריזם.

די אָנהייגער פֿון דער דירעקטער אַקציאָן האָבען אָבער קיין לוסט ניט אַזוי לאַנג צו וואַרטען, דען ביי יעדער געלעגענהייט שיקט מען מיליטער געגען די סטרייקערס, און דערפֿאַר ווענדען זיי זיך בעסער דירעקט צו די רעזערוויסטען, סאָלדאַטען און רעקרוטען. זיי זעהען אויפֿצוּוועקען די סאָלדאַטען צווישען די אַרבייטער אין דער בלוזע און יוניפֿאָרמע. די רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפֿטען שיקען זייערע געטרייע מיטגלידער אין די קאַזאַרמען פֿון צייט צו צייט קליינע אונטערשטיצונגען און בריעף, וועלכע האָבען דעם

צוועק זיי אויפֿצומונטערן; זיי לאַדען איין די סאָלדאַטען צו זייערע פֿערגניגונגען און עמפּפֿאַנגען זיי פֿריינדליך אין די געווערקשאַפֿטס־הייזער, דאָרטען געפֿינען זיי גוטע ביכער און בריעף־מאַרקען אָהן געלד פֿאַר זייער קאָרעספּאָנדענץ א.ז.וו. די געווערקשאַפֿטען ברייננען אויך די מיסהאַנדלונגען פֿון די אָפֿיצירען געגען די סאָלדאַטען אין דער עפֿענטליכקייט. אָט אַזוי פֿערגעסט דער סאָלדאַט קיינמאָל ניט זיינע קאַמעראַדען און פֿריינדע, דערפֿאַר וואָס ער בלייבט אין שטענדיגער בעריהרונג מיט זיי.

יעדעס מאָל, ווען עס טרעפֿט, אַז סאָלדאַטען דעזערטירען אָדער ווען יונגע לייט האָבען די אַבזיכט איבערהויפּט ניט צו דינען, אונטערשטיצט מען זיי. אויסערדעם ווערט אָנגעפֿיהרט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די מיליטער דורך פּראָקלאַמאַציעס, אַפֿישעס, בראָשורען און בעזונדערע צייטונגס־נומערן, און שטענדיג זוכט מען דעם סאָלדאַט צו ערקלעהרען, אַז ער זאָל ניט שיסען אויף זיינע ברידער, אַז ער וועט אַליין ווידער זיין אַן אַרבייטער, ווען ער פֿערלאָזט די קאַזאַרמע, און אַז ווען מען הייסט איהם שיסען אויף דאָס פֿאָלק, אויף זיינע עלטערן, זיינע ברידער און שוועסטער, זאָל ער בעסער ציעלעווען אויף די, וועלכע בעפֿעהלען איהם צו ערמאָרדען אַנדערע. דיזע פּראָפּאַגאַנדאַ האָט אויך איהרע ערפֿאָלגען, דען מיר האָבען שוין אָפֿט געזעהן, אַז סאָלדאַטען האָבען זיך ענטזאַגט צו שיסען אויף סטרייקענדע אַרבייטער.

וועהרענד די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿערזוכט צו בעקעמפּפֿען דעם מיליטאַריזם אין פּאַרלאַמענט דורך דער אונדירעקטער אַקציאָן, ניט כדי איהם צו פֿערניכטען, נאָר אום צו מאַכען פֿון דער יעצטיגער אַרמעע אַ זאָגענאַנטע מיליץ, לערנט אונז די דירעקטע אַקציאָן, אַז דער מיליטאַריזם קען איבערהויפּט נאָר בעקעמפּפֿט ווערען אויף אַ דירעקטען אופֿן, נעמליך דורך מאַסען־דעזערטירונגען און ענטזאַגען זיך צו דינען. אַזוי ווי די אַרבייטער, וועלענדיג זיך פֿערשאַפֿען אַ פֿרייען טאָג אין וואָך, געהען איינפֿאַך ניט מעהר אַרבייטען

אין דיזעם טאָג און פֿיהרען אויס זייער בעשלוס דורך דער טהאַט, אַזוי דאַרפֿען די פּראָלעטאַריער אויך מעהר ניט טהאָן, ווי זיך מאַסענווייז צו ענטזאַגען צו געהן אין דער קאַזאַרמע און דער פֿונדאַמענט פֿון מיליטאַריזם וועט דורך דעם פֿער־ניכטעט ווערען, אפילו ווען די צאָהל פֿון די רעבעלען וועט זיין אין אָנפֿאַנג אַ קליינע.

דיזע דירעקטע אַקציאָן געגען דעם מיליטאַריזם מיינט אין פֿרידליכע צייטען דער ענטזאַגען זיך צו דיענען, און אין דער צייט פֿון אַ מלחמה דעם סטרייק פֿון די סאָלדאַטען און זייער אַנטלויפֿען אין נייטראַלע לענדער. ווען דיזער ביי־שפּיעל זאָל אויסגעפֿיהרט ווערען פֿון אַ גרויסער מאַסע מענשען, דאַן איז דער שטאַאַט אינמעכטיג. עס איז ניט מעגליך, אַז מען זאָל שיקען צו יעדעם איינציגען צוויי פּאָ־ליציסטען און איהם אַרויסשלעפּען פֿון בעט; און אויב עס וואָלט אפילו יאָ מעגליך געווען, וואָלטען אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען בעוויזען אַזוי וויניג בעגייסטערונג פֿאַר דער מלחמה, שוין געוואוסט, וואָס זיי האָבען צו טהאָן מיט די וואַפֿען, וועלכע מען גיט זיי אין די הענד: זיי וואָלטען זיך אויפֿגעהויבען געגען די רעגירער, וועלכע האָבען די אַבזיכט צו פֿערניכטען זייערע לעבענס, און פּראָקלאַמירט דעם אויפֿ־שטאַנד.

אויף די קריעגס-ערקלעהרונג ענטפֿערן די אַנטימיליטאַריסטען מיט דעם מיליטער־סטריק, דעם גענעראַל סטריק אין די מילי־טערישע פֿאַבריקען און דעם בעוואַפֿענטען אויפֿשטאַנד.

דער קריעג קען ניט פֿערניכטעט ווערען דורך זאַנפֿטע רעדען פֿון אַלגעמיינען פֿריעדען צווישען די פֿעלקער, זאָנדערן נאָר דורך דעם רעבעלישען אַנטימיליטאַריזם, די דירעקטע אַקציאָן. דער וויכטיגסטער מיטעל צו פֿערהינדערן דעם קריעג איז די צושטעהרונג פֿון די פֿערבינדונגס-וועגען: איי־זענבאַהנען, טעלעגראַפֿען, טונעלען, בריקען א. ז. וו. כדי די

רעגירונג זאָל ניט קענען צוזויפֿקלייבען איהרע סאָלדאַטען.

גרויסע מאַסען-סטרייקס אין די אַרסענאַלען און וואַפֿען-פֿאַבריקען, וואו מען ארבייט אין דער צייט פֿון אַ מלחמה טאָג און נאַכט, סטרייקס פֿון די אייזענבאַהנער און קוילען-גרעבער זיינען אַליין שוין כמעט אימשטאַנד צו פֿערהינדערן די פֿאָרטזעצונג פֿון אַ קריעג. און אין דערזעלבער צייט קען דורך די סאַבאָטאַזש פֿון קליינע מינאָריטעטען זעהר פֿיעל אויפֿגעטהאָן ווערען.

אָט דורך אַזעלכע דירעקטע אַקציאָנען אין יעדעם לאַנד קענען די פּראָלעטאַריער פֿערהינדערן זייערע רעגירונגען אָנצופֿיהרען מלחמות איינע מיט די אַנדערע. שוין די דראָהונג אַליין און דער פעסטער בעשלוס פֿון די אַרבייטער און סאָלדאַטען ניט אַוועק צו לייגען זייער בלוט און לעבען פֿאַר די אינטערעסען פֿון זייערע אויסבייטער, וועט די בורזשואַזיע מאַכען פֿאָרזיכטיגער מיט איהר פאַטריאָטישער קריעגס-בעגייסטערונג; מען בעגרייפֿט די געפֿאַהר, און דאָס אַליין איז שוין פֿיעל ווערטה.

ווען אים זומער 1905 דייטשלאַנד און פֿראַנקרייך האָבען ניט געהאַלטען מלחמה צוליעב דער מאַראָקאַנישער פֿראַגע, דאַן איז עס הויפטזעכליך צו דאַנקען צו דער ענערגישער שטעלונג פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער-קלאַסע, וועלכע האָט איינפֿאַך ערקלעהרט, אַז זי וועט ניט געהן אין דער מלחמה, און דערפֿאַר האָט די פֿראַנצויזישע רעגירונג אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אויסצומיידען אַ קריעג. די דייטשע אַרבייטער-פֿיהרער האָבען זיך ביי דער געלעגענהייט אַרויסגעצייגט זעהר פֿייג, דען זיי האָבען זיך אפילו ניט געוואָלט דורכריידען מיט דעם דעלעגאַט פֿון די פֿראַנצויזישע געווערקשאַפֿטען, וועלכער איז שפּעציעל געקומען קיין בערלין וועגען דער קריעגס-פֿראַגע.

איין זאַך איז זיכער, פֿאַר די אַרבייטער איז פֿיעל בעסער, אַז די בורזשואַזיע זאָל כאַפּען אַ דיפּלאָמאַטישע מפּלה, איידער הונדערט טויזענדער פּראָלעטאַריער זאָלען

אויפגעבען זייערע לעבענס אויף די בלוטיגע שלאכט-פעלדער פון א פערלארענער אדער געוואונענער מלחמה.

דער מיליטאריזם איז פאר קיין פאל ניט קיין ריין פא-ליטישע פראגע, וועלכע קען ערלעדיגט ווערען אין פארלאמענט. פערקעהרט, עס איז שטענדיג געווען די ארמעע, וועלכע האט פונאנדערגעטריבען „אונגעהארכזאמע“ פארלאמענטען. דער קאמפף געגען דעם מיליטאריזם דארף אלזא אנגעפיהרט ווערען פון די פראלעטאריער גופא. דער מיליטאריזם איז דער שטענדיגער פיינד פון די ארבייטער, ווען עס מאכט זיך א סטרייק, און זער שטענדיגער בעשיצער פון די אויס-בייטער; ער איז אויך אין דערוועלבער צייט א שטענדיגע געפאהר, וועלכע קען יעדען מאמענט ארויסרופען א קריעג, א בלוטיגע מאסען-מערדעריי. און ווען די ארבייטער וועלען זיך ענדליך אויפהויבען, אום צו געבען דער קאפיטאליסטי-שער אויסבייטונג דעם לעצטען טויט-קלאפ, דאן וועלען זיי זיך ווידער דארפען רעכענען מיט דער ארמעע. אט דערפאר איז שוין יעצט נייטיג אנצופיהרען א דירעקטע אנטימילי-טאריסטישע פראפאגאנדא, אז ווען די ארבייטער וועלען געהן האנד אין האנד מיט די רעבעלישע סאלדאטען, דאן וועט זייער בעפרייאונג זיין לייכטער און קאסטען ווייניגער אפפער.

# די דירעקטע אקציאן אלס דאס איינציגע מיטעל פאר דער פאלשטענדיגער פראלעטארישער בעפרייאונג.

---

דער סאָציאַלער גענעראַל־סטרייק; פערניכ־טונג פון דער יעצטיגער און נײ־אָרגאַניזאַ־ציאָן פון דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט.

די דירעקטע אַקציאָן פון די אַרבייטער בעשרײנקט זיך אָבער ניט בלויז אויסשליסליך אויף די פערבעסערונגען פון די אַרבייטער׳ס לאַגע אין דער איצטיגער געזעלשאַפט, זאָנ־דערן איהר לעצטעס ציעל איז די אָבשאַפונג פון דער קאַ־פיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין אַלגעמיין און די אָרגאַניזאַציאָן פון אַ נייער געזעלשאַפט. אַלע פערבעסערונגען פאַר די אַרבייטער אין דער היינטיגער געזעלשאַפט האָבען נאָר אַ ווירקונג פאַר אַ געוויסע צייט. די קאָסטען פון אַ זיעגרייכען סטרייק בעצאָהלען ניט די קאַפּיטאַליסטען, זאָנדערן די קאָנ־סומענטען, דאָס פובליקום אין אַלגעמיין. דורך אַ בעסערן לוין פון די אַרבייטער פערהעכערט זיך אויך דער פרייז פון די פראָדוקטען, און ווייל דאָס טרעפט אין אַלע צווייגען פון דער אינדוסטריע, דערפאַר בלייבט די אַלגעמיינע לאַגע פון די אַרבייטער אימער דיזעלבע. נאָך מעהר, זי ווערט זאָגאַר נאָך ער־גער אין פערגלייך מיט די פראָפיטען פון די קאַפּי־טאַליסטען, וועלכע האַלטען אין איין וואַקסען. די קולטורעלע און גייסטיגע ענטוויקלונג פון דעם אַרבייטער פערמעהרט שטענדיג זיינע בעדירפניסע, וועלכע ער קען ניט בעפרידיגען, אויב זיין לוין איז זאָגאַר געוואָרען אַ העכערער.

דער איינציגער ווירקליכער און פּאָזיטיווער ערפֿאָלג איז די פֿערקלענערונג פֿון די אַרבייטס-שטונדען. דאָס איז פֿאַר דעם אַרבייטער אַ זיכערער געווין, דערפֿאַר ווייל ער בעקומט מעהר פֿרייהייט, מעהר צייט זיך אויסצובילדען און זיך פֿאָרצובערייטען פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

דאָס רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריאַט ווייס, אַז דער לעצטער רעזולטאַט פֿון דער דירעקטער אַקציאָן וועט זיין די אָבשאַפֿונג פֿון דער לוין-שקלאַפֿעריי, אַז די יעצטיגע קעמפֿע זיינען ניט מעהר ווי אַ פֿאָרבערייטונג פֿאַר זיין פֿאָלשטענדיגע בעפֿרייאונג.

אָנשטאָט צו פּריידיגען די אונדירעקטע פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציאָן, וועלכע פֿערשפּרעכט צו בעפֿרייען די אַרבייטער דורך די עראָבערונג פֿון דער פּאָליטישער מאַכט, לערנט די דירעקטע אַקציאָן די אַרבייטער ווי אָנצופֿיהרען דעם דירעקטען רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף געגען דעם קאַפּיטאַליזם, דעם רעוואָלוציאָנערען און סאָציאַלען גענעראַל סטרייק און; נאָך דעם זיגע אויפֿצובויען אַ נייע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן. דער גענעראַל סטרייק און די עקספּראָפּריאַציאָן זיינען אַלזאָ דער העכסטער אויסדרוק פֿון דער דירעקטער אַקציאָן.

דורך די שטאַרקערע בעטאָנונג פֿון דער עקאָנאָמישער אַקציאָן און דעם רעוואָלוציאָנערען סטרייק, האָט די אַנאַרכיסטישע טהעאָריע בעקומען אַ מעהר רעאַלען כאַראַקטער. די ריין פֿילאָזאָפֿישע בעקעמפֿונג פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט האָט דעם שטאַאַט ניט געבראַכט קיין גרויסען שאָדען. אויך די פֿאָרשטעלונג פֿון אַ צוקינפֿטיגען גן עדן האָט די פּראָלעטאַריער ניט געקענט בעפֿרידיגען און איינשטילען זייער הונגער. דיזע אַלע רעדערייען זיינען ניט מעהר ווי פּוסטע האָפֿנונגען אויף אַ יענע וועלט, רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען, וועלכע פֿערשפּרעכען דאָס גליק נאָך'ן טויט אָדער פֿאַר די קומענדע דורות.

אָבער די פּראָלעטאַריער ווילען שוין יעצט זעהן געוויסע

ערפאָלגע, זיי ווילען מעהר ברויט און פרייהייט, און דאָס קענען זיי ניט בעקומען דורך דער אַנאַרכיסטישער פילאָזאָפיע, אַזוי וועייניג ווי דורך דעם מיסטיציזמוס פון די פריעסטער אָדער דעם פּאַרלאַמענטאַרישען שווינדעל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אָט דערפאַר קען דער ריין פילאָזאָפישער אַנאַרכיזם קיינמאָל ניט אַרויסרופען קיין מאַסען־בעוועגונג, ער וועט שטענדיג נאָר פעראייניגען אַ קליינע סעקטע פון שעהנהייט-ליבענדע ענטוזיאַסטען און אידעאַליסטען, וועלכע האָבען זיך אָנגע'שכור'ט מיט דעם אידעאַל אַליין. אָבער ווען דער אַנאַרכיזמוס וועט זיך פערוואַנדלען אין אַ פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־בעוועגונג, ווען ער וועט זיך בעשעפטיגען מיט די פּראַקטישע פראַגען פון דער צייט און שוין יעצט אויסקעמפפען געוויסע ערפאָלגע פאַר די אַרבייטער, אָט דאַן וועט ער זיין אַווירקליכע בעפרייאונג פאַר די פּראָלעטאַריער.

דורך די רעוואָלוציאָנערע עקאָנאָמישע טאַקטיק אין דער געגענוואַרט געווינט מען די מאַסען, מען שאַפט שוין יעצט מעהר גליק און פרייהייט פאַר די קעמפפער און אין דערזעלבער צייט זיינען די אַלע רעוואָלוציאָנערע סטרייקס, דער עקאָנאָמישער טעראָר א.ז.וו. די בעסטע פאָרבערייטונג פאַר דעם „לעצטען קאַמפף", דען זיי פערמעהרען די בעדירפניסע און פערגרעסערן דעם מוטה פון די עקספּלאָאַטירטע.

די איינצעלנע סטרייקס ווערען וואָס ווייטער אַלס רעוואָלוציאָנערער; דורך דער אַנטימיליטאַריסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ ווערט אונטערגעגראָבען די אַרמעע און צולעצט וועט אויסברעכען אַ רעוואָלוציאָנערער ריעזען־סטרייק. דער עקאָנאָמישע טעראָר און אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע קאַמפף-מיטלען, מיט וועלכע די פּראָלעטאַריער זיינען שוין פריהער בעקאַנט געוואָרען, וועלען דער בעוועגונג געבען דעם כאַראַקטער פון אַ סאָציאַלען גענעראַלסטרייק.

אָט אַזוי פיהרען אונז די יעצטיגע עקאָנאָמישע קעמפפע און די ערפאָלגע פון דער געגענוואַרט אַלס מעהר און מעהר

צום זיעגרייכען גענעראַלסטרייק, וועלכער איז ניט מעהר ווי דאָס לאָגישע רעזולטאַט פֿון דער ענטוויקלונג. און דיזע אויפֿפֿאַסונג איז פֿיעל לאָגישער און מעהר אין אָנקלאַנג מיט דעם ענטוויקלונגס-פּרינציפּ ווי אַלע דיאַלעקטישע און „ווי-סענשאַפֿטליכע" טהעאָריען פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

* * *

אויך די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער נייער געזעלשאַפֿט נאָך דעם גענעראלסטרייק, די סאָציאַליזירונג פֿון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, וועט ניט געמאַכט ווערען דורך דעם שטאַאַט ווי די אָנהייגגער פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַקציאָן בעהויפּ-טען, זאָנדערן דורך די אַרבייטער אַליין. נאָך דער דירעקטער עקספּראָפּריאַציאָן פֿון די קאַפּיטאַליסטען וועלען די געווערק-שאַפֿטען אין יעדעם אָרט אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן, און דאָסזעלבע טוהען די בויערן מיט דער ערד. איך האָב וועגען דעם שוין אויספֿיהרליכער גערעדט אין מיין בראָשורע „דער סאָציאַלער גענעראַלסטרייק", און דערפֿאַר געניגט עס צו דערמאָהנען דיזע שריפֿט.

אויך אין דיזער בעציהונג האָט אונז די דירעקטע אַקציאָן שוין יעצט געגעבען צאָהלרייכע ביישפּיעלע אין רוסלאַנד, וואו די בויערן האָבען אין הונדערטער ערטער איינפֿאַך צוריקגענומען די ערד פֿון די פּאָמעשטשיקעס, וועהרענד די סאַציאַל-דעמאָקראַטען זיינען שטענדיג געווען מיט דער מיי-נונג, אַז דאָס קען נאָר אויסגעפֿיהרט ווערען דורך דעם שטאַאַט. די בויערן האָבען ניט פֿערשטאַנען דיזע „וויסענ-שאַפֿט", און דערפֿאַר האָבען זיי אַליין דורכגעפֿיהרט די עקספּראָפּריאַציאָן, ניט וואַרטענדיג אויף דעם סאָציאַל-דע-מאָקראַטישען צוקונפֿטס-שטאַאַט.

אויך אין די וועסט-אייראָפּעאישע לענדער און אַמעריקאַ וועלען די אַרבייטער דאַרפֿען אָנגעהן אויף דעמזעלבען שטייגער ווי די רוסישע בויערן.

* * *

אַזוי זעהען מיר שוין היינט די דירעקטע אַקציאָן אין

איהרע אַלע פֿערשידענע פֿאָרמען. זי איז איבערהויפּט די איינציגע אַקציאָן, דען אַלעס אַנדערע איז מעהר ניט ווי שווינדעל־אַקציאָן, אונטהעטיגקייט און די ערוואַרטונג, אַז אַנדערע זאָלען דאָס אויספֿיהרען, וואָס מען קען ניט אַליין אויספֿיהרען, דערפֿאַר ווייל מען איז צו פֿייג אָדער צו אונפֿעהיג. אויב דער פּראָלעטאַריער וויל ווירקליך עפּעס אויספֿיהרען, דאַרף ער זיינע אַנגעלעגענהייטען אַליין בעזאָרגען.

זיכער, די דירעקטע אַקציאָן איז פֿערבונדען מיט מאַנכער געפֿאַהר, ווייל יעדער איינציגער דאַרף אַליין האַנדלען און בעווייזען זיין ענערגיע און פֿעהיגקייט. זי איז ניט אַזוי בעקוועם ווי די פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציאָן, וואו די אַרבייטער גיבען איבער זייער שיקזאַל צו אַנדערע. אָבער מיר זעהען וואָס די לעצטע האָט אונז געבראַכט. די סאָציאַלע לעבענסבעדינגונגען פֿון די פּראָלעטאַריער ווערען ערגער פֿון טאָג צו טאָג אין יענע לענדער, וואו די אַרבייטער זיינען צו פֿייג און געזעצליך. אויב דאָס פּראָלעטאַריאַט וויל ניט באַלד אין גאַנצען שפּיעלען די ראָלע פֿון די כינעזער קולים, מיט דעם שעהנען גלויבען אין די שעהנע צוקונפֿט, וועלכע זיינע מאַנדאַרינען פֿערשפּרעכען איהם, דאַרף עס פֿערטרויען אויף זיין אייגענע קראַפֿט, אויף זיין דירעקטע אַקציאָן, אום אויסצוקעמפֿפֿען בעסערע בעדינגונגען פֿאַר דער געגענוואַרט און פֿאָרצובערייטען זיין בעפֿרייאונג פֿאַר דער צוקונפֿט.

דורך דאָס ביישפּיעל, די טהאַט ווערען אַלס מעהרער אַרבייטער בעגייסטערט און צוגעצויגען, וועלכע הויבען שוין אָן צו צווייפֿלען אין די פֿערשפּרעכונגען פֿון אַנדערע; און ווען זיי וועלען זיך פֿיהלען גענוג שטאַרק, וועלען זיי צושטעהרען דאָס גאַנצע יעצטיגע געביידע און אָרגאַניזירען אַ נייע געזעלשאַפֿט, וואו די ערד וועט בעלאַנגען צום בויער, די מינען צום קוילען־גרעבער און די מאַשינען צו די אַרבייטער, אַ געזעלשאַפֿט, אָהן אָרעמע און רייכע, אָהן הערען און קנעכט.